# פאַר אדמ׳ען

פון דזשעק לאַנדאָן.

איבערזעצט פון נ. פערעלמאַן.



פערלאַג „ניי־צייט“, ניו־יאָרק

1920

# אינהאַלט:

# ערשטער קאפיטעל

בילדער! בילדער! איידער איך האב עס באגריפען, האב איך אפטמאל זיך געחידוש'ט, פון וואנען עס האט זיך גענומען צו מיר די דאזיגע מאסע בילדער, מיט וועלכע מיינע חלומות זיינען געווען איבערגעפילט; ווייל דאס זיינען געווען בילדער, וואס איך האב גאר אזעלכע קיינמאל נישט געזעהען אויפ'ן וואר. זיי האָ־בען געפלאגט מיין קינדהייט, מאכענדיג פון מיינע חלומות א רייה קאשמארען און איבערציינענדיג מיך א ביסעל שפעטער, אז איך בין געווען אנדערש, ווי אלע אנדערע מענשען, אן אומנאטיר־ליכע און פארשאלטענע בריאה.

אין מיין טאג־לעבען האב איך נאך דערגרייכט וועלכע־נישט־איז מאס פון גליק. מיינע נעכט זיינען געווען א הערשאפט פון שרעק — און נאך וואס פאר א שרעק! איך דערלויב זיך צו באַ־הויפטען, אז פון אלע מענשען, וועלכע געהען מיט מיר צוזאמען ארום אויף דער ערד, האט נאך קיינער קיינמאל נישט איבערגעלעבט אזא מין שרעק און אין דער זעלביגער מאס, וואס איך. ווייל מיין שרעק איז די שרעק פון קדמונים, די שרעק, מיט וועלכער די א י נ ג ע ר ע  ו ו ע ל ט, די יוגענד פון דער א י נ ג ע ר ע ר  ו ו ע ל ט, איז געווען איבערגעפילט. קורץ, די שרעק, וועלכע האט פריי געהערשט אין דעם פעריאד, וואס איז באוואוסט, אלס דער אייז־פעריאד.

וואס מיין איך דערמיט? איך זעה, אז עס איז נויטיג א דער־קלערונג, איידער איך וועל אייך קאנען דערצעהלען וועגען דעם אינהאלט פון מיינע חלומות. אז נים וועט איהר זעהר ווייניג קאַ־

נען באגרייפען די אלע זאכען וועלכע איך באגרייף אזוי גוט. בעת איך שרייב דאס, קומען די אלע באשעפענישען און געשעהענישען פון דער אנדערער וועלט אויף פאר מיינע אויגען אין אן אומגעהויערער פאנטאסמאגאריע, און איך וויים, אז פאר אייך וועט דאס אלץ זיין איינגאנצען א זינלאזיגקייט.

וואס איז דען פאר אייך די פריינדשאפט פון לאנג־אויער, דער ליבער רייץ פון דער גרינג־פיסינגער, די תאוה און דער אטאוויזם פון רויט־אויג? נישט מעהר, ווי אן אומטעגליכע נישט־געשטויגענקייט. און פונקט אזוי נישט געשטויגען זיינען פאר אייך די מעשים פון דעם בוים־פאלק. און די פלאפלעריי אויף די פארזאמלונגען פון דער הארדע. ווייל פאר אייך איז פרעמד די פרידליכקייט פון די קיהלע היילען אין די פעלזען־בערג און דאס פארזאמלען זיך ארום דעם וואסער ביים סוף פון טאג. איהר האט קיינמאל נישט געפיהלט דאס בייסען פון דעם מארגען־ווינט אויף די שפיצען פון די בוימער, און אייער גומען האט קיינמאל נישט הנאה געהאט פון דעם זיסען טעם פון יונגער קארע.

איך רעכען, אז עס וואלט פאר אייך בעסער געווען צו באקענען זיך דערמיט, ווי איך האב עס געטון אין מיינע קינדער־יאהרען. זייענדיג א איינגעל בין איך געווען גלייך מיט אנדערע איינגלעך — בעת איך בין געווען וואך. אנדערש בין איך געווען גאר אין שלאף. אויף וויפיעל איך קאן גאר געדענקען פון מיינע גאר ערשטע יאהרען, איז מיין שלאף געווען א פעריאד פון הוילער שרעק. זעלטען ווען מיינע חלומות זיינען געווען דורכגענומען מיט גליק. זיי זיינען דאס רוב געווען פול מיט שרעק — און מיט עפעס אזא מאדנער און פרעמדער שרעק, וואס האט נישט געהאט אין זיך קיין שום ממשות'דיגקייט. קיין שום שרעק, וואס איך האב איבערגעלעבט אויפ'ן וואך, איז נישט געווען עהנליך צו דער שרעק, וואס האט מיך באהערשט אין שלאף. דאס איז געווען א מין שרעק, וואס האט איבערטראפען מיין גאנצע ערפאהרונג.

איך בין, למשל, געווען א שטאַטיש אינגעל, אדער גיכער, א שטאָט־קינד, פאר וועמען דאָס דאָרף־לעבען איז געווען אינגאַנצען א פרעמדע וועלט. און דאָך האָט זיך מיר קיינמאָל נישט גע'חלומ'ט קיין שטאָט; אויך איז אין מיינע חלומות קיינמאָל נישט ער־שינען קיין הויז; און קיין שום מענשליך וועזען האָט קיינמאָל נישט דורכגעבראָכען די וואַנט פון מיין שלאָף. איך, וועלכער האָט געזעהען בוימער נאָר אין פּאַרקען און אין אילוסטרירטע ביכער, האָב אין מיין שלאָף געוואַנדערט דורך אומענדליכע וועלדער. נאָך מעהר, די דאָזיגע בוימער, וואָס איך האָב געזעהען אין חלום, זיי־נען נישט געווען נאָר עפּעס א צעשוואומענער פלעק. זיי זיינען געווען קלאָר און דייטליך. איך האָב געהאָט צו זיי א גאָר נאָהענ־טע שייכות. איך האָב געזעהען זייער יעדען צווייג און צווייגעל; איך האָב געזעהען און געקענט יעדעס בלעטעל באַזונדער.

איך געדענק זעהר גוט, ווי איך האָב צום ערשטען מאָל גע־זעהען אויפ'ן וואַר א דעמב. ווען איך האָב געקוקט אויף די בלעטער, צווייגען און סענקעס, האָט זיך מיר מיט א קוועלענדיגער לעבעדיגקייט אויסגעדאַכט, אז איך האָב שוין דעם דאָזיגען סאָרט בוים געזעהען אין מיין שלאָף פיעלע און אומצעהליגע מאָל. און דערפאַר בין איך אין מיין שפּעטערדיגען לעבען שוין נישט געווען איבעראַשט, דערקענענדיג גלייך, ווי איך האָב זיי נאָר דערזעהען צום ערשטען מאָל, אַזעלכע בוימער, ווי דער נאָדעל־בוים, די בעריאָזע און דער לאַרבער־בוים. איך האָב זיי אַלע געזעהען נאָך פון פריהער, און האָב זיי אפילו אויך דעמאָלט געזעהען יעדע נאַכט אין מיין שלאָף.

ווי איהר האָט שוין געמוזט באַמערקען, טרעט דאָס איבער דאָס ערשטע געזעץ פון חלומות, נעמליך, אז אין א חלום זעהט מען נאָר דאָס, וואָס מען האָט געזעהען אויפ'ן וואָר, אדער א קאָמבינאַציע פון די זעלביגע זאַכען, וואָס מען האָט געזעהען אויפ'ן וואָר. אָבער אַלע מיינע חלומות האָבען איבערגעטראָטען דאָס דאָזיגע געזעץ. אין אַלע מיינע חלומות האָב איך קיינמאָל נישט

געזעהען ע ט ו ו א ס א ז ו י נ ס. וועגען וואס איך האב גע־
האט א ידיעה אויפ'ן וואר. מיין לעבען אין חלום און מיין לע־
בען אויפ'ן וואר זיינען געווען צוויי באזונדערע לעבענס, וועל־
כע האבען נישט געהאט צווישען זיך קיין שום געמיינשאפטליכע
זאך, א חוץ מיך אליין. איך בין געווען דער פארבינדונגס־גליד,
וואס האט אזוי אדער אנדערש געלעבט דיביידע לעבענס.

אין מיינע ערשטע קינדער־יאהרען האב איך ערפארען, אז נים
קומען פון דעם שפייז־קאמער און בעערעס פון דעם פרוכט־הענד־
לער; אבער איידער נאך איך האב וועגען דעם געוואוסט, האב איך
אין מיינע חלומות געריסען נים פון בוימער, אדער געקליבען זיי
און געגעסען פון דער ערד אונטער די בוימער, און פונקט אזוי
האב איך געגעסען בעערעס פון וויינשטאקען און בושען. דאס איז
געווען אויסער יעדער ערפאהרונג מיינער.

איך וועל קיינמאל נישט פארגעסען דאס ערשטע מאל, וואס
איך האב דערזעהען יאגדעס, דערלאנגט צום טיש. איך האב פריי־
הער קיינמאל נישט געזעהען קיין יאגדעס, און דאך האבען ביי
זייער אנבליק אויפגעבליצט אין מיין פארשטעלונג ערינערונגען
וועגען חלומות, אין וועלכע איך האב געוואנדערט דורך זומפיגע
לענדער, עסענדיג יאגדעס צו דער זאט. מיין מוטער האט פאר מיר
אוועקגעשטעלט א טעלער מיט יאגדעס. איך האב אנגענומען א
לעפעל, אבער איידער איך האב עס נאך צוגעטראגען צום מויל,
האב איך שוין געוואוסט וואס פאר א טעם זיי האבען. איך האב
זיך נישט אפגענארט. עס האט מאקע געהאט דעמזעלבינען טעם,
וואס איך האב שוין טויזענט מאל געפיהלט אין מיין שלאף.

שלאנגען? לאנג צוריק, איידער איך האב נאך געהערט וועגען דער עקזיסטענץ פון שלאנגען, האבען זיי מיך שוין געפלאגט
אין מיין שלאף. זיי האבען געלויערט אויף מיר אויף די וואלד־
לאנען; זיי זיינען אויפגעשפרונגען, אנגרייפענדיג מיך, אונטער
מיינע פיס; זיי האבען געפויזעט אין דעם טרוקענעם גראז און אי־
בער די נאקעטע פעלזען; אדער זיי האבען מיך פאריאגט ארויף,

צו די שפּיצען פון די בוימער, ארומוויקלענדיג זיך מיט זייערע, גרויסע גלאנצענדיגע קערפּער ארום די שטאמען, טרייבענדיג מיך אלץ העכער און העכער, אדער אלץ ווייטער און ווייטער איבער די פאנאנדערגעוויגטע און קראכענדיגע צווייגען, ביז וואנען איך האב זיך געפונען אויף א שווינדלענדיגער הויך פון דער ערד.

שלאנגען! — מיט זייערע געשפּאלטענע צונגען, מיט זייערע פערלדיגע אויגען און פינקלענדיגע שופּען, מיט זייער צישען און קלאפּערען — האב איך דען נישט געקענט זיי שוין צו־גוט אין יענעם טאג, ווען איך האב דאס ערשטע מאל באזוכט א צירק און געזעהען דארט, ווי דער שלאנגען־באצויבערער הויבט זיי אויף? זיי זיינען געווען מיינע אלטע פריינד, אדער גיכער, שונאים, וועל־כע האבען אנגעפילט מיינע נעכט מיט שרעק.

א, די אומענדליכע וועלדער און זייער מרה־שחורה'דיגע פינ־סטערניש! וויפיעל אייביגקייטען האב איך, א שרעקעוודיג פאר־פאלגט באשעפעניש, געוואנדערט איבער זיי, אויפשוידערענדיג ביים מינדסטען שארך, האבענדיג מורא פאר מיין אייגענעם שאטען, שטענדיג אויפגערעגט, אנגעצויגען און וואכזאם, יעדע רגע גרייט צו לאזען זיך אין א וואנזיניגען געלאף צו ראטעווען זיך פון טויט. איך בין דאך געווען די רויב פון אלע מינים ווילדע באשעפענישען. וועלכע האבען געלעבט אין וואלד. און, ארומגעכאפּט מיט אן אננ־סטליכען פחד, בין איך אנטלאפען פון די פארפאלגענדיגע מאנ־סטערס.

ווען איך בין אלט געווען פינף יאהר, בין איך דאס ערשטע מאל געגאנגען אין צירק. איך בין פון דארטען געקומען א היים א קראנקער—אבער נישט פון פיסטאשקעס און ראז־קאלירען לעמא־נאד. לאמיך אייך דערצעהלען, ווי אזוי דאס איז פארגעקומען. ווען מיר זיינען אריינגעקומען אין דער חיות־אפּטיילונג, האט א פארדומפּטע ברומעריי אויפגעטרייסעלט די לופט. איך האב ארויס־געריסען מיין האנט פון מיין פאטער'ס האנט און האב מיט א וויל־דען אימפּעט זיך א לאז געטון צוריק צום ארויסגאנג. איך האב

זיך צוזאמענגעשטויסען מיט מענשען, איך בין געפאלען; און איך האב די גאנצע צייט געמאכט שרעקליכע גוואלדען; מיין פאטער האט מיך געכאפט און איינגעשטילט. ער האט מיר אנגעוויזען אויף דער מאסע מענשען, וועלכע האבען זיך גארנישט געקימערט איבער דער ברומעריי, און האט מיך אויפגעמונטערט, פארזיכערענדיג, אז איך בין אויסער יעדער סכנה.

פונדעסטוועגען בין איך צוגעגאנגען צום לייב׳ס שטייג מיט שרעק און ציטערניש און ערשט נאכדעם, ווי מיין פאטער האט מיר א לאנגע צייט צוגעגעבען מוט. א, איך האב איהם גלייך דער־קענט. די חיה! די שרעקליכע חיה! און עס האבען פאר מיין אינערליכען בליק אויפגעבליצט די ערינערונגען וועגען מיינע חלומות. די זון אין מיטען טאג שיינט אויפ׳ן גראז, דער ווילדער אקס פיטערט זיך רוהיג... דאס גראז נעהמט זיך מיטאמאל פאנאנדער אונטער די שנעלע טריט פון דעם לייב... א שפרונג אויפ׳ן אקס׳ רוקען... און עס הערט זיך באלד א קראכען, א רעוועז און א כראמש־קען פון ביינער. און נאך אן ערינערונג: ביים קיהלען רוהיגען טייכעל... דאס ווילדע פערד שטעהט ביז די קני אין וואסער און טרינקט זיך בנעימות׳דיג... און דא קומט אן דער לייב — אלע מאל דער לייב! — און... א שפרונג, א פאל אין וואסער, א כארכ־לעריי פון דעם פערד און א כראמשקען פון ביינער. און ווייטער: די טונקעלע דעמערונג און די טרויעריגע שטילקייט ביים פארגעהן פון טאג... און עס דערהערט זיך אין דער לופט א שארף געברום, וואס איז אנגעקומען אזוי אומגעריכט, ווי דאס בלאזען פון דעם לעצטען שופר, און באלד נאך דעם פאלגט א וואנזיניגע קוויטשעריי און א געפילדער צווישען די בוימער. און איך אליין ציטער אויך פון שרעק און בין איינער פון די וואס קוויטשען און פילדערען צווישען די בוימער.

ווען איך האב איהם אז אומבאהאלפענעם דערזעהען הינטער די שטאנגען פון שטייג, בין איך אריין אין רציחה. איך האב גע־קריצט מיט די ציינער, איך בין געשפרונגען פאר איהם, איך האב

בייזוויליג זיך גערייצט מיט איהם און האָב געמאַכט אַלערליי משוגע'נע גרימאַסען. ער האָט מיר אָפּגעענטפערט, רייסענדיג זיך צו די שטאַנגען און אַרויסברומענדיג צו מיר זיין אוממאַכטיגען צאָרן. אַ, ער האָט מיך אויך דערקענט, און די קלאַנגען, וואָס איך האָב אויסגעשריען, זיינען געווען קלאַנגען פון פאַרצייטענס, און ער האָט זיי פאַרשטאַנען.

מיינע עלטערען האָבען זיך דערשראָקען. „מיין קינד איז נישט געזונט", האָט געזאָגט מיין מוטער. „ער איז היסטעריש", האָט געזאָגט מיין פאָטער. איך האָב זיי קיינמאָל נישט דערצעהלט וועגען דעם און זיי האָבען קיינמאָל נישט געוואוסט. איך האָב שוין געהאָט זיך אויסגעלערנט צו שווייגען וועגען דער דאָזיגער איינענשאַפט מיינער, וועגען דער דאָזיגער פאַנאַנדערטיילונג פון מיין פּערזענליכקייט, ווי איך בין, גלויב איך, באַרעכטיגט עס אָנצורופען.

איך האָב געזעהען דעם שלאַנגען־באַצויבערער — און מעהר האָב איך אין יענעם אָוענט שוין גאַרנישט געזעהען אין צירק. מען האָט מיך אַוועקגעפיהרט אַ היים, אַ נערוועזען און אויפגערודערטען, און אָפּגעשוואַכט פון דער אַריינדרינגונג פון דעם לעבען פון מיינע חלומות אין מיין רעאַלען לעבען.

איך האָב פריהער דערמאָנט מיין טבע צו שווייגען. נאָר איינמאָל האָב איך פאַרטרויט די דאָזיגע משונה'דיגע אַנגעלעגענהייט צו אַן אַנדערען. דאָס איז געווען אַ איינגעל — מיינער אַ חבר; מיר זיינען ביידע אַלט געווען צו אַכט יאָהר. איך האָב פון מיינע חלומות אויפגעבויט פאַר איהם בילדער וועגען יענער אונטערגעגאַנגענער וועלט, אין וועלכער איך האָב, ווי איך גלויב, אַמאָל געלעבט. איך האָב איהם דערצעהלט וועגען די שרעקעס פון יענער פריהער צייט, וועגען ל אַ נ ג ־ אַ ו י ע ר און אונזערע שטיפערישע פאַרוויילונגען, וועגען דער פּלאַפּלעריי אויף די פאַרזאַמלונגען און וועגען דעם פ י י ע ר ־ פ אָ ל ק און די ערטער, וואָס עס האָט פאַר זיך פאַרכאַפּט.

ער האט געלאכט פון מיר, נעמאכט חוזק, און דערצעהלט מיר מעשיות וועגען גייסטער און וועגען טויטע, וועלכע וואנדלען ארום אין די נעכט. אבער דאס רוב האט ער געלאכט פון מיין שוואכער פאנטאזיע. איך האב איהם דערצעהלט נאך מעשיות און ער האט נאך מעהר געלאכט פון מיר. איך האב זיך פאר איהם געשוואוירען מיט'ן גאנצען הארצען, אז דאס איז טאקע אזוי פארגעקומען, און ער האט אויף מיר אנגעהויבען קוקען מיט חשד. ער האט אויך איבערדערצעהלט פאר אונזערע שפיל־חברים די זונדערבארסטע טיילען פון מיינע מעשיות, ביז וואנען זיי האבען אויך אנגעהויבען קוקען אויף מיר מיט חשד.

עס איז געווען א שווערע ערפארונג, אבער איך האב דערפון עפעס געלערנט. איך בין געווען אנדערש, ווי אנדערע מענשען. איך בין געווען נישט נארמאל מיט עטוואס אזוינס, וואס זיי האבען נישט געקאנט פארשטעהן; און דאס דערצעהלען וועגען דעם האט נאר געפיהרט צו מיספארשטענדענישען. ווען איך האב אויסגעהערט די פארשיידענע מעשיות וועגען שדים און גייסטער, בין איך געבליבען שטיל. איך האב מיט בייזקייט געשמייכעלט צו זיך אליין. איך האב געטראכט וועגען מיינע נעכט פון שרעק און האב געוואוסט, אז דאס זיינען געווען באמת רעאלע זאכען — רעאל, ווי דאס לעבען אליין, און נישט קיין ווינט און רויך און פארדעכטיגע שאטענס.

דער געדאנק וועגען געשפענסטער און גרויזאמע מענשען־פרעסער איז פאר מיר גארנישט געווען שרעקליך. דאס פאלען דורך די באבלעטערטע צווייגען און די שווינדעלדיגע הויכקייטען; די שלאנגען, וועלכע האבען מיך אנגעגריפען, און פון וועלכע איך בין געלאפען מיט א געשריי, שפרינגענדיג און ארויסדרעהענדיג זיך פון זיי; די ווילדע הינט, וועלכע האבען זיך געיאגט נאך מיר, טרייבענדיג מיך איבער די אפענע פלעצער צום וואלד צו — דאס זיינען געווען קאנקרעטע אוןווירקליכע שרעקען. אמת'ע געשעהענישען און נישט קיין אויסגעטראכטע זאכען, — זאכען, וואס האב

בען פאַר מיר געלעבט מיט א פולען לעבען. די מענשען־פרעסער און געשפענסטער זיינען געווען פאַר מיר שטילע מיטשלאָפער אין פאַרגלייך מיט די שרעקליכע זאַכען. וועלכע איך האָב געזעהען אין שלאָף אין מיינע קינדערשע יאָהרען און וועלכע איך זעה נאָך אויך איצט, בעת איך שרייב דאָס, א פולער מיט יאָהרען.

## צווייטער קאפיטעל

איך האב געזאגט, אז איך האב אין מיינע חלומות קיינמאל נישט געזעהען קיין מענשליך ווענען. איך האב זיך זעהר פריה אפגעשטעלט אויף דעם דאזיגען פאקט און דאס פעהלען ־ון מיין אייגענעם מין האט מיך שטארק אנגעריהרט. זייענדיג נאך גאר א קליין קינד, האב איך אין מיטען דער שרעק פון מיינע חלומות שוין געהאט דאס געפיהל, אז ווען איך וואלט געקאנט געפינען נאר איין מענשען, נאר איין־ איינציגען מענשען, וואלט דאס מיך ארויסגעראטעוועט פון מיינע חלומות און איך וואלט מעהר נישט געווען ארומגערינגעלט מיט די אלע פארפאלגענדיגע שרעקענס. דער דאזיגער געדאנק האט מיך געפלאגט יעדע נאכט אין פארלויף פון פיעל יאהרען — ווען איך וואלט נאר געקאנט געפינען דעם דא־זיגען מענשען און ווערען אויסגעלייזט!

איך מוז נאכאמאל זאגען, אז איך האב דעם דאזיגען געדאנק געהאט אין מיטען פון מיינע חלומות, און איך נעם דאס אן, אלס א באווייז וועגען דער צוזאמענשמעלצונג פון מיינע צוויי פערזענ־ליכקייטען, א באווייז וועגען אן אנריהר־פונקט צווישען די צוויי פאנאנדערגעשיידטע טיילען פון מיין „איך". מיין פערזענליכקייט פון חלום האט געלעבט אין דער וויטער פארגאנגענהייט, איידער נאך עס האט עקזיסטירט דער מענש, ווי מיר קענען איהם איצט; און מיין אנדערע וואכענדיגע פערזענליכקייט מיט איהר וויסען וועגען דער עקזיסטענץ פון דעם מענשען איז ארויסגעטראטען אין מיינע חלומות.

די בוד־פסיכאלאגען וועלען אפשר געפינען, אז איך געברויך נישט ריכטיג דעם אויסדרוק „פאנאנדערטיילונג פון פערזענליכקייט“. איך וויים, אין וועלכען זין זיי געברויכען עס, און דאך בין איך געצוואונגען צו געברויכען עס אויף מיין אייגענעם שטייגער צוליעב דעם אויספעהלען פון א בעסערען אויסדרוק. איך שטיץ זיך דא אויף דער אומפולקאמענקייט פון דער ענגלישער שפראך. און איצט וועל איך איבערגעהן צו דער דערקלערונג פון מיין געברויכען אדער מיסברויכען פון דעם דערמאנטען אויסדרוק.

ערשט שפעטער, ווען איך בין שוין געווען א יונגערמאן און האב זיך געלערנט אין קאלעגיום, האב איך זיך אנגעשטויסען אויף א שפור וועגען דער באדייטונג און דער אורזאך פון מיינע חלומות. ביז יענער צייט האבען זיי נישט געהאט פאר מיר קיין שום באדייט און באגרינדונג. אבער אין קאלעגיום האב איך זיך דערוואוסט וועגען עוואלוציע און פסיכאלאגיע און האב געלערנט די דערקלערונג פון פארשיידענע מאדנע גייסטיגע צושטענדען און ערפארונגען. צום ביישפיל, דער חלום וועגען פאלען אין דעם רוים — דער געוועהנליכסטער חלום, וואס איז באקענט צו יעדען מענשען פון זיין אייגענער ערפארונג. מיין פראפעסאר האט מיר געזאגט, אז דאס איז א ראסען־ערינערונג. עס ציהט זיך צוריק צו דער צייט פון אונזערע וויטע עלטער־פאטערס, וועלכע האבען געלעבט אויף בוימער. וואוינענדיג אויף בוימער, איז די מעגליכקייט צו פאלען געווען פאר זיי א שטענדיגע געפאהר. פיעלע פון זיי האבען אויף אזא אופן פארלארען זייערע לעבענס; זיי האבען אלע איבערגעלעבט שרעקליכע פאלען, ראטעווענדיג זיך דורך דעם, וואס זיי האבען, פאלענדיג צו דער ערד, זיך אנגעכאפט פאר די צווייגען.

א שרעקליכער פאל, וואס איז אויף אזא אופן אפגעווענדט געווארען, האט פאראורזאכט אן אויפטרייסלונג. אזא אויפטרייסלונג האט פאראורזאכט מאלעקולארע ענדערונגען אין די מארדצעלען. די דאזיגע מאלעקולארע ענדערונגען זיינען איבערגעגעבען

געוואָרען צו די מארד־צעלען פון די נאָכקומענדיגע דורות, ווערענ־דיג, מיט איין וואָרט, ראַסען־ערינערונגען. דעריבער, ווען איך און איהר, איינשלאָפענדיג אָדער שלומערענדיג, פאַלען אין דעם רוים און כאַפּען זיך אויף מיט אַ שווער־דריקענדיגען געפיהל, איידער מיר דערגרייכען דעם באָדען, דערמאָנען מיר זיך דערמיט נאָר, וואָס עס האָט געטראָפען מיט אונזערע עלטער־פאָטערס אויף די בוימער, ווייל די מארד־ענדערונגען זיינען איבערגעגאַנגען בירושה צו דער ראַסע.

דאָס איז בשום אופן נישט זונדערבאַר. עס איז נישט מעהר זונדערבאַר, ווי אַן אינסטינקט. אַן אינסטינקט איז נאָר אַ גע־וואוינהייט, וועלכע ווערט אונז איבערגעגעבען בירושה און ווייטער גאָרנישט. איך וועל דאָ אָנב באַמערקען, אַז אין דעם חלום וועגען פאַלען, וואָס איז אַזוי באַקענט צו אייך און צו מיר און צו אונז אַלעמען, דערגרייכען מיר קיינמאָל נישט דעם באָדען. דערגרייכען דעם באָדען וואָלט געהייסען פאַרניכטונג. יענע פון אונזערע אור־עלטערען, וועלכע האָבען דערגרייכט דעם באָדען, זיינען גלייך אויפ'ן אָרט געשטאָרבען. ער איז אמת, די אויפטרייסלונג פון זייער פאַלען איז איבערגעגעבען געוואָרען צו די מארד־צעלען, אָבער זיי זיינען גלייך געשטאָרבען, איידער זיי האָבען געקאָנט האָבען קינ־דער. איך און איהר שטאַמען פון יענע, וועלכע האָבען נישט דערגרייכט דעם באָדען; און דערפאַר דערגרייכען מיר אין אונזערע חלומות קיינמאָל נישט דעם באָדען.

און איצט קומען מיר צו צו דער פאַנאַנדערטיילונג פון דער פערזענליכקייט. ווען מיר זיינען וואַך, האָבען מיר קיינ־מאָל נישט דאָס דאָזיגע געפיהל פון פאַלען. אונזער וואַכענדיגע פערזענליכקייט האָט דאָס קיינמאָל נישט איבערגעלעבט. אויף אַזאַ אופן — און דער אַרגומענט איז דאָ אומבאַשטרייטבאַר — מוז זיין אַן אַנדערע און גאָר באַזונדערע פערזענליכקייט, וועלכע פאַלט, בעת מיר שלאָפען, און וועלכע האָט אַמאָל איבערגעלעבט אַזאַ פאַלען — קורץ אַ פערזענליכקייט, וועלכע האָט אַן ערינערונג וועג־

נען אמאליגע ראסען־ערפארונגען, פונקט ווי אונזער וואכענדיגע פערזענליכקייט האט אן ערינערונג וועגען אונזערע ערפארונגען אויפ'ן וואר.

ביי דעם דאזיגען פונקט פון מיין ארגומענטירונג האב איך אנגעהויבען זעהן דאס ליכט. און דאס דאזיגע ליכט האט מיך שנעל פארפלייצט מיט א בלענדענדיגער קלארקייט, באלייכטענדיג און אויפקלערענדיג אלץ, וואס איז געווען איבערנאטירליך, גע־היימניספול און אוממעגליך אין די ערפארונגען פון מיינע חלומות. נישט מיין וואכענדיגע פערזענליכקייט האט מיך באהערשט אין מיין שלאף, נאר אן אנדערע און גאר באזונדערע פערזענליכקייט, וועל־כע האט פארמאגט א נייע און גאנץ פארשיידענע זאמלונג פון ערפארונגען און ערינערונגען וועגען זיי, וואס זיינען מיר געקומען אין חלום.

וואס איז אזוינס די דאזיגע פערזענליכקייט? ווען האט זי אליין געלעבט אויף דער דאזיגער פלאנעט צו קאנען אנזאמלען איהרע זונדערבארע ערפארונגען? דאס זיינען פראגען, וואס מיינע חלומות האבען אליין געגעבען אויף זיי אן ענטפער. ער האט גע־לעבט אין דער וויטער פארגאנגענהייט, ווען די וועלט איז געווען יונג, אין יענעם פעריאד, וועלכען מיר רופען מיטעל־אייז־פעריאד. ער איז געפאלען פון די בוימער, ער האט אבער נישט דערגרייכט דעם באדען. ער האט געשריען פון מורא ביים ברומען פון די לייבען. ער איז פארפאלגט געווארען פון רויב־חיות און באפאלען פון טויטליכע שלאנגען. ער האט געפלאפעלט מיט זיין גלייכען אויף די פארזאמלונגען און איז זעהר גראב באהאנדעלט געווארען פון דעם פ י י ע ר ־ פ א ל ק אין דעם טאג, ווען ער איז פון זיי אנטלאפען.

אבער איך הער אייער טענה: ווארום האבען מיר אויך נישט די זעלביגע ראסען־ערינערונגען, נעמענדיג אין אכט, אז מיר האבען אויך א נעפעלהאפטע צווייטע פערזענליכקייט, וועלכע פאלט אין דעם רוים בעת מיר שלאפען?

דערויף קאָן איך אייך ענטפערען מיט אַן אַנדער פראַגע. פון וואַנען נעמט זיך אַ צוויי־קעפּיקער קאַלב ? און מיין אייגענער ענטפער דערויף איז, אַז דאָס איז אַ קאַפּריז פון צופאַל. און אויף אַזאַ אופן ענטפער איך אויף אייער פראַגע. איך האָב די דאָזיגע צווייטע פּערזענליכקייט און די פולע ראַסען־ערינערונגען, ווייל איך בין אַ קאַפּריז פון צופאַל.

אָבער לאָמיר דאָס דערקלערען אויף אַ מעהר דייטליכען אופן. די געוועהנליכע ראַסען־ערינערונג, וועלכע מיר אַלע האָבען, איז דער חלום וועגען פאַלען אין דעם רוים. די דאָזיגע צווייטע פּער־זענליכקייט איז זעהר אַ געפעלהאַפטע. דאָס פאַלען איז כמעט איהר איינציגע ערינערונג. אָבער פיעלע פון אונז האָבען חלומות וועגען פליהען, וועגען פאַרפאָלגענדיגע מאָנסטערס, וועגען קאָלירען, וועגען דערשטיקונג, וועגען שרצים און אונגעציפער. קורץ, בעת די דאָזיגע צווייטע פּערזענליכקייט איז אין אונז אַלעמען מעהר נישט, ווי אַ שוואַכע איבערבלייבעניש, איז זי ביי איניגע כמעט אינגאַנצען אָפּגעמעקט און ביי אַנדערע אויסגעדריקט מיט מעהר שאַרפקייט. איניגע פון אונז האָבען שטאַרקערע און פולערע ראַ־סען־ערינערונגען, איידער אַלע אַנדערע מענשען.

עס האַנדעלט זיך דאָ וועגען פאַרמאָגען די אַנדערע פּערזענ־ליכקייט אין אַ פאַרשיידענעם גראַד. אין מיר אַליין איז דער דאָ־זיגער גראַד גוואַלדיג־גרויס. מיין אַנדערע פּערזענליכקייט איז כמעט גלייך אין קראַפט מיט מיין אייגענער פּערזענליכקייט. און אין דעם דאָזיגען פּרט בין איך, ווי איך האָב שוין געזאָגט, אַ קאַפּ־ריז — אַ ירושה־קאַפּריז.

איך גלויב, אַז די דאָזיגע אַנדערע פּערזענליכקייט — הגם נישט אַזאַ שטאַרקע, ווי מיינע — האָט איניגע מענשען געבראַכט צום גלויבען אין זייער פּערזענליכער ערפאַרונג פון פריהערדיגע לעבענס. פאַר אַזעלכע מענשען זעהט דאָס אויס צו זיין אַ זעהר נוטער באַווייז און אַ העכסט־איבערצייגענדיגע היפּאָטעזע. זוען עס ערשיינען פאַר זיי סצענעס, וועלכע זיי האָבען קיינמאָל נישט

געזעהען אין דער ווירקליכקייט. ווען זיי דערמאָנען זיך אָן האַנד־לונגען און געשעהענישען פון אַמאָל, איז די איינפאַכסטע דערקלע־רונג, אַז זיי האָבען געלעבט פריהער.

אָבער זיי האָבען אַ טעות, ווען זיי איגנאָרירען זייער דואַליזם. זיי אָנערקענען נישט זייער אַנדערע פערזענליכקייט. זיי רעכענען, אַז דאָס איז זייער אייגענע פערזענליכקייט, אַז זיי האָבען נאָר איין פערזענליכקייט; און פון אַזאַ הנחה קאָנען זיי נאָר קומען צום שלום, אַז זיי האָבען געלעבט פריהער

זיי זיינען אָבער אומגערעכט. דאָס איז נישט קיין ווידער־פאַרקערפּערונג. איך זעה אין מיין פאָרשטעלונג זיך אַליין, ווי איך וואַנדער אַרום איבער די וועלדער פון דער א י נ ג ע ר ע ר ו ו ע ל ט; און דאָך זעה איך נישט זיך אַליין, נאָר איינעם, וועלכער איז אַ ווייטע טייל פון מיר. דער דאָזיגער אַנדערער „איך" מיינער איז אַן עלטער־פאָטער פון מיינע עלטער־פאָטערס אין דער פריהער ליניע פון מיין ראַסע, בעת ער אַליין שטאַמט פון אַ ראַסען־ליניע, וועלכע האָט נאָך לאַנג צוריק פאַר זיין צייט אַנט־וויקעלט די פינגער און געקלעטערט אויף בוימער.

ריזיקירענדיג אייך צו דערעסען, מוז איך אָבער נאָכאַמאָל איבערחזר'ען, אַז איך דאַרף אין דער דאָזיגער הינזיכט באַטראַכט ווערען, אַלס אַ קאַפּריז פון צופאַל. ניט נאָר פאַרמאָג איך אין אַן אויסערגעוועהנליכער מאָס די ראַסען־ערינערונג, נאָר איך פאַרמאָג אויך די ערינערונגען פון איין באַזונדערען און זעהר ווייטען אור־פאָטער מיינעם. און דאָך, הגם דאָס איז אַן אויסערגעוועהנליכער פאַל, דאַרף מען איבער דעם נישט צופיעל וואונדערען זיך.

פאָלגט נאָך מיינע אַרגומענטען. אַן אינסטיקט איז אַ ראַ־סען־ערינערונג. זעהר גוט. איך און איהר און מיר אַלע באַקומען די דאָזיגע ערינערונגען פון אונזערע פאָטערס און מוטערס, פונקט ווי זיי האָבען זיי באַקומען פון זייערע פאָטערס און מוטערס. אויף אַזאַ אופן מוז זיין אַ מיטעל, דורך וועלכען די דאָזיגע ערינערונגען ווערען איבערגעגעבען פון דור צו דור. דאָס דאָזיגע מיטעל איז

דאס, וואס וויסמאן רופט אן „גערמאפלאזם". עס טראגט די ערינערונגען פון דער גאנצער ראסען־עוואלוציע. די דאזיגע ערינערונגען זיינען נישט־קלאר, צעמישט, און פיעלע פון זיי זיינען אינגאנצען פארלארען געווארען. אבער איינינע מינים פון גער־מאפלאזם טראגען אין זיך א גוואלדיגע משא פון ערינערונגען — זיינען, וויסענשאפטליך גערעדט, אטאוויסטישער פון אנדערע; און פון אזא מין איז מיין גערמאפלאזם. איך בין א ירושה־קאפריז, אן אטאוויסטישער קאשמאר — רופט מיך, ווי איהר ווילט; אבער אט בין איך פאר אייך, געזונט און פריש, עסענדיג דריי גוטע מאל־צייטען א טאג, און וואס וועט איהר דערויף זאגען?

און איצט, איידער איך וועל צוטרעטען צו מיין מעשה, וועל איך פארלויפען דעם וועג די צוויי־פלענדיגע פסיכאלאגען, וועלכע זיינען געניינגט אפצולאכען און וועלכע וועלען יעדענפאלס זיכער זאגען, אז דער לאגישער צוזאמענהאנג פון מיינע חלומות דערקלערט זיך מיט מיין צופיעל שטודירען און מיט דעם נישט־באוואוסטזי־ניגען ארויסטרעטען פון מיין וויסען וועגען עוואלוציע אין מיינע חלומות. ערשטענס, בין איך קיינמאל נישט געווען קיין מתמיד. איך האב געענדיגט, אלס דער לעצטער פון מיין קלאס. איך האב מעהר אינזינען געהאט אטלעטיק און נאך מעהר (פארוואס זאל איך אין דעם נישט מודה זיין זיך?) ביליארד.

ווייטער. איך האב נישט געהאט קיין שום ידיעה אין עוואַ־לוציע, ביז וואנען איך בין נישט אריין אין קאלעגיום; איך האב אבער דורכגעלעבט אלע דעטאלען פון יענעם פארצייטיגען לעבען נאך אין מיינע קינדערשע און אינגעלשע יאהרען. איך וועל פונ־דעסטוועגען צוגעבען אז די דאזיגע דעטאלען זיינען געווען אוים־געמישט און האבען נישט געהאט קיין שום צוזאמענהאנג, ביז וואנען איך האב נישט געלערנט די עוואלוציאנס־טעאריע. עוואַ־לוציע איז געווען דאס שליסעל. עס האט מיר געגעבען א דער־קלערונג און געבראכט צו א געזונטען צושטאנד די אלע משונה'־דיגע אפּווייכונגען פון מיין אטאוויסטישען מארך, וועלכער האט,

א מאָדערנער און א נאָרמאַלער, זיך צוריקגעקערט צו אזא ווייטער צייט, ווען עס האבען זיך נאר וואס געהאט באוויזען די ערשטע סימנים פון דעם מענשליכען מין.

אין יענער פאָרגאַנגענער צייט, וועגען וועלכער איך וויים, האט דער מענש, ווי מיר קענען איהם איצט, נאָך נישט עקזיסטירט. עס איז געווען אין דעם פעריאָד פון זיין ווערען, ווען איך האב גע־מוזט האבען געלעבט.

## דריטער קאפיטעל

דער געוועהנליכסטער חלום פון מיין פריהער קינדהייט איז געווען אומגעפעהר אזא: עס האט זיך מיר אויסגעדאכט, אז איך בין געווען זעהר קליין און בין געלעגען צוזאמענגעדרעהט אין א מין נעסט פון צווייגען. צייטענווייז בין איך געלעגען אויפ'ן רוקען. איך האב אין דער דאזיגער לאגע פארבראכט, ווייזט אויס, פיעל שטונדען, צוקוקענדיג זיך צו דעם שפיל פון דער זון אויף די בלעטער איבער מיין קאפ און ווי זיי באוועגען זיך פון ווינט. אפטמאל האט זיך די נעסט אליין אויך געוויגט הין און צוריק, ווען דער ווינט איז שטארק געווען.

אבער אלע מאל בין איך, ליגענדיג אזוי אין דער נעסט, באהערשט געווען פון א געפיהל וועגען דעם מורא'דיגען רוים, וואס געפינט זיך אונטער מיר. איך האב איהם קיינמאל נישט געזעהען. איך האב קיינמאל נישט אריבערגעקוקט אריבער דעם ראנד פון נעסט צו זעהן; איך האב אבער געקענט און האב מורא געהאט פאר דעם רוים, וואס האט געלויערט גלייך אונטער מיר און האט מיר געדראהט, ווי א מאגען פון עפעס אן אל־פארצערענדיגען מאנסטער.

דעם דאזיגען חלום, אין וועלכען איך בין געווען אומבאוועגליך, און וועלכער איז מעהר געווען א צושטאנד, איידער א האנדלונג, האב איך געזעהען זעהר אפט אין מיינע ערשטע קינדערקיינדער־יאהרען. אבער פלוצלינג זיינען אין דער סאמע מיט פון חלום אריינגעדרונגען מאדנע פארמען און ווילדע געשעהענישען, דאס

דונערען און קראכען פון שטורם און אומבאקענטע לאנדשאפטען. וואס איך האב נאר אזעלכע קיינמאל אויפ'ן וואר נישט געזעהען. דער רעזולטאט איז געווען — פארווירונג און קאשמאר. איך האב גארנישט געקאנט באגרייפען. עס איז נישט געווען אין דעם קיין שום לאגישער צוזאמענהאנג.

איהר זעהט, מיינע חלומות זיינען נישט געגאנגען אין א לאגישער ארדענונג. אין איין מאמענט בין איך געווען א פיצעל קינד פון דער אינגערער וועלט, ליגענדיג אין מיין נעסט אויף א בוים; אין דעם צווייטען מאמענט בין איך שוין געווען א דערוואקסענער מענש פון דער אינגערער וועלט, אריינלאזענדיג זיך אין א געשלעג מיט דעם העסליכען רויט־אויג; און אין נאך א מאמענט ארום האב איך אין א הייסען טאג זיך פארזיכטיג אראפגעלאזט צום טייכעל. געשעהענישען און יאהרען, וועלכע פאלגען אין דער אינגערער וועלט באזונדער איינע פון די אנדערע, האבען פאר מיר דורכגעשוועבט אין משך פון איינינע מינוטען אדער סעקונדען.

עס איז אינגאנצען געווען א צעמישעניש, אבער דאס דאזיגע צעמישעניש וועל איך אויף אייך נישט ארויפצווינגען. ערשט שפעטער, ווען איך בין געווען א יונגערמאן און האב שוין געהאט טויזענטער חלומות, האט זיך אלץ אויסגעגלייכט און איז געווארען איינפאך און קלאר. ערשט דעמאלט האב איך זיך אנגעשטויסען אויפ'ן שפור פון צייט און בין געווען אימשטאנד צוזאמענצושטעלען די געשעהענישען און האנדלונגען אין זייער געהעריגער ארדענונג. אויף אזא אופן בין איך אימשטאנד געווען ווידער־אויפצובויען די אונטערגעגאנגענע אינגערע וועלט, ווי זי איז געווען אין דער צייט, ווען איך האב אין איהר געלעבט, אדער אין דער צייט, ווען מיין אנדערער „איך" האט אין איהר געלעבט. עס איז נישט וויכטיג אפצושיידען איין איך פון צווייטען, ווייל איך, דער מאדערנער מענש, בין דאך געגאנגען צוריק און

האָב געלעבט דאָס פריהערדיגע לעבען אין דער געזעלשאַפט פון מיין צווייטען „איך“.

אַזוי ווי דאָס איז נישט קיין רעדע איבער סאָציאָלאָגיע, וועל איך צוליב אייער באַקוועמליכקייט צוזאַמענשטעלען די פאַרשייד־דענע פאַסירונגען אין אַ לייכט־באַגרייפליכער דערצעהלונג, ווייל אין אַלע חלומות ציהט זיך דורך אַ געוויסע ליניע פון כסדר׳דיגקייט און האַנדלונג. עס איז דאָרט, צום ביישפיל, פאַראַן מיין פריינד־שאַפט מיט לאַנג־אויער. עס איז פאַראַן די שנאה פון רויט־אויג און די ליבע פון דער גרינג־פיסינגער. אַלץ צוזאַמען שטעלט מיט זיך פאָר אַ לאָגישע און אינ־טערעסאַנטע געשיכטע, וועלכע, איך בין זיכער, וועט אייך גע־פעלען.

איך געדענק נישט פיעל וועגען מיין מוטער. מעגליך, אַז די גאָר ערשטע ערינערונג וועגען איהר — און זיכער די שאַרפסטע — איז דאָס פאָלגענדע: עס האָט אויסגעזעהען, ווי איך וואָלט געלעגען אויף דער ערד. איך בין געווען עטוואָס עלטער, ווי אין מיינע נעסט־טעג, אָבער נאָך אַלץ הילפלאָז. איך האָב זיך צו־זאַמענגעדרעהט אין די טרוקענע בלעטער, שפּילענדיג זיך מיט זיי און אַרויסציהענדיג פון מיין קעל גרילצענדיגע קלאַנגען. די זון האָט געוואַרימט און איך האָב זיך געפיהלט גליקליך און באַקוועם. איך האָב זיך געפונען אויף אַ קליינעם אָפענעם פּלאַץ. פון אַלע זייטען אַרום מיר זיינען געווען בושען און פאַרן־עהנליכע געוויק־סען, און איבער מיין קאָפּ זיינען געווען די שטאַמען און צווייגען פון די וואַלד־בוימער.

איך האָב פּלוצלינג דערהערט אַ קלאַנג. איך האָב זיך אויפ־געזעצט און זיך צוגעהערט. איך האָב נישט געמאַכט קיין שום באַוועגונג. מיין שטים איז פאַרשטאַרבען אין מיין קעל און איך בין געזעסען, ווי אַ פאַרגליווערטער. דער קלאַנג האָט זיך גע־הערט אַלץ נעהענטער. עס איז געווען, ווי דאָס כריוקען פון אַ שוויין. ווייטער האָב איך אָנגעהויבען הערען קלאַנגען, אַרויס־

געבראַכט פון אַ קערפּער, וואָס האָט זיך געמאַכט אַ וועג דורך די בושען. נאָך דעם האָב איך געזעהען, ווי די פאַרנען זיינען אויפ־געררודערט געוואָרען דורך דעם דורכגאַנג פון דעם קערפּער. און דעמאָלט האָבען די פאַרנען זיך צענומען און איך האָב דערזעהען בליצענדיגע אויגען, אַ לאַנגען שנוק און ווייסע האַק־צייהן.

דאָס איז געווען אַ ווילדער שווייןֿ. ער האָט מיך דורכגענומען מיט אַ נייגעריגען בליק. ער האָט אַ כריוק געטון איינמאָל אָדער צוויי מאָל און האָט זיך אַ ריס געטון פאַראויס, איבערשטעלענדיג די פאַדערשטע לאַפּעס; אין דער זעלביגער צייט האָט ער גע־דרעהט דעם קאָפּ אויף אַלע זייטען, אַוועקשטויסענדיג די פאַרנען. איך בין געזעסען שטיל, ווי אַ פאַרשטיינערטער, האָב געקוקט אויף איהם מיט אַ פּאָר אויסגעגלאָצטע נישט־פינטלענדיגע אויגען און מיין האַרץ איז פאַרגאַנגען פון שרעק.

עס האָט אויסגעזעהען, אַז די דאָזיגע אומבאַוועגליכקייט און שטילקייט פון מיין זייט איז געווען דאָס, וואָס מען האָט פון מיר ערוואַרט. איך האָב נישט באַדאַרפט שרייען פון שרעק. דאָס איז מיר אונטערגעזאָגט געוואָרען פון דעם אינסטינקט. און איך בין אַט־אַזוי געזעסען און האָב געוואַרט כ'ווייס אַליין נישט אויף וואָס. דער שוויין האָט אַוועקגעשטויסען פון וועג די פאַרנען און איז אַרוים אויפ'ן אָפענעם פּלאַץ. די נייגיר איז מעהר נישט געווען אין זיינע אויגען; זיי האָבען איצט געבליצט מיט אַ ווילדען גלאַנץ. ער האָט דראָהענדיג געוואָרפען צו מיר מיט'ן קאָפּ און האָט אַ שפּאַן געטון פאַראויס. דאָסזעלביגע האָט ער געטון נאָכאַמאָל און נאָכאַמאָל.

איך האָב דעמאָלט געטון אַ געשריי... אָדער אַ קוויטש — איך קאָן דאָס נישט באַשרייבען, נאָר עס איז געווען אַ שאַרפער און שרעקליכער אויסגעשריי. און עס ווייזט אויס, אַז אויך דאָס איז ביים דאָזיגען פּונקט פון דער געשעהעניש פון מיר ערוואַרט געוואָרען. פון נישט ווייט האָט דערגרייכט צו מיר אַן אָפענט־פערענדיגער געשריי. מיין קול האָט, ווייזט אויס, אין איין אויגענ־

בליק צעטומעלט דעם שוויין, און בעת ער איז געבליבען שטעהן און האט נישט־אנטשלאסען באוועגט מיט'ן קערפער, האט זיך אומ־געריכט אראפגעריסען אויף אונז א געשפענסט.

זי, מיין מוטער, איז געווען, ווי א גרויסער ארגאנג־אוטאנג, אדער א שימפאנזע, און דאך איז זי אויף א גאנץ שארפען און באשטימטען אופן געווען פארשיידען פון זיי. זי איז געווען שווע־רער געבויט, איידער זיי, און האט געהאט ווייניגער האר אויף זיך. איהרע ארעמס זיינען נישט געווען אזוי לאנג און איהרע פיס זיינען געווען דיקער. זי האט נישט געטראגען קיין שום קליידער — נאר איהרע נאטירליכע האר. און איך קאן אייך זאגען, אז זי איז געווען א פוריע, ווען זי איז געווען אויפגערעגט.

אויך איצט האט זי זיך א לאז געטון, ווי א פוריע. זי האט געקריצט מיט די ציינער, האט געמאכט שרעקליכע גרימאסען, האט געברומט און ארויסגעלאזט שארפע און אומאויפהערליכע גוואל־דען, וועלכע האבען געקלונגען, ווי „קה־אה! קה־אה!"

זי האט מיט איהר אומגעריכטען ערשיינען אנגעווארפען אזא פחד, אז דער ווילדער שוויין האט נישט־ווילענדיג זיך צוזאמענ־געצויגען צו פארטיידיגען זיך, און ווען זי האט זיך א לאז געטון צו איהם, האבען די האר זיינע זיך אויפגעשטעלט קאפויר. זי האט זיך באלד אומגעקערט צו מיר. דער שוויין איז ממש געבליבען אהן אן אטעם. איך האב געוואוסט, וואס איך האב צו טון אין דעם איינעם מאמענט, וואס זי האט געוואונען. איך בין אויפ־געשפרונגען איהר אנטקעגען, האב זי ארומגעכאפט פאר דער טאליע און האב זיך אנגעהאלטען מיט די הענט און מיט די פיס — יא, מיט די פיס; איך האב געקאנט זיך אנהאלטען מיט די פיס פונקט אזוי גרינג, ווי מיט די הענט. אנהאלטענדיג זיך פעסט אן איהר, האב איך געקאנט פיהלען, ווי איך ציה זי פאר די האר, בעת זי האט איין אנשטרענגונג באוועגט די הויט און די מוסקולען.

ווי איך האב געזאגט, בין איך אויפגעשפרונגען איהר אנט־קעגען; און אין א ווייל ארום האט זי געגעבען א שפרונג איז

דער הויף, אנכאפענדיג זיך מיט די הענט פאר אן אראפגעהאנ־
גענעם צווייג. אין דער צווייטער ווייל איז דער שווין, קלאפענדיג
מיט די האק־צייהן, דורכגעלאפען אונטען פארביי אונז. ער איז
געקומען צו זיך פון איבערראשונג און האט זיך א יאג געטון פאר־
אויס, ארויסלאזענדיג א ריטשעריי, וואס איז געווען במעט, ווי
דער קלאנג פון א טרומייט. יעדענפאלס איז דאס געווען א רוף,
ווייל עס האבען גלייך נאך דעם זיך א לאז געטון פון אלע זייטען
ווילדע שווינען, דורכברעכענדיג זיך א וועג דורך די פארנען און
בושען.

זיי זיינען אנגעלאפען פון אלע זייטען, בלייבענדיג שטעהן
אויפ'ן אפענעם פלאץ, ארום א פאר צעהנדליג שווינען. אבער
מיין מוטער האט זיך געגעבען א וויג ארויף אויף א דיקען צווייג,
צוועלף פוס הויך פון דער ערד, און איז צוזאמען מיט מיר, וואס
האט זיך נאך אלץ אנגעהאלטען אן איהר, געבליבען דארט זיצען
אין זיכערקייט. זי איז געווען זעהר אויפגערעגט. זי האט גע־
קוויטשעט, געליארעמט און בייז אראפגעשריגען צו די צייהן־קריי־
צענדיגע אויפגערייצטע חיות, וועלכע האבען זיך פארזאמעלט אונ־
טען אין א קרייז. איך האב ציטערענדיג אראפגעקוקט אונטען און
האב געזעהען ווי ווייט מעגליך נאכצוטון מיין מוטער'ס געשריי.

פון דער ווייטענס האט דערגרייכט צו אונז אן עהנליכער געשריי,
וואס איז אבער געווען פיעל שטארקער, א מין ברומענדיגער באס.
דאס דאזיגע שרייען איז מיט יעדער ווייל געווארען אלץ העכער
און באלד האב איך דערזעהען דעם שרייער אליין, צוקומענדיג
צו אונז, דאס איז געווען מיין פאטער, — אזוי יעדענפאלס האט
מיך באוועגט צו דענקען אלץ, וואס איך האב זיך אנגעזעהען פאר
דער גאנצער צייט.

ער איז נישט געווען קיין איבעריג אנגענעמער פאטער. ער
האט געהאט דאס אויסזעהן פון האלב־מענש און האלב־מאלפע, און
איז געווען נישט קיין מענש און נישט קיין מאלפע. איך זאג זיך

אַפּ איהם צו באַשרייבען. עס איז איצט נישט צו געפינען אַזוינס ניט אויף דער ערד, ניט אונטער דער ערד און ניט אין דער ערד. ער איז פאַר זיין צייט געווען אַ הויכער מענש, און האָט אַרום און אַרום געמוזט וועגען אַ הונדערט מיט דרייסיג פונט. זיין פּנים איז געווען ברייט און פלאַך, און די ברעמען זיינען אַריבערגעהאַנגען איבער די אויגען. די אויגען אַליין זיינען געווען קליין, טיף־אַריינגעזעצט און שטאַרק נאָהענט איינס פון אַנדערען. ער האָט כמעט גאָר קיין נאָז נישט געהאַט. זי איז געווען ברייט און צו־געפּלאַטשט, כמעט אָהן אַ רוקען, און די נאָזלעכער זיינען אַרויס גלייך פון פּנים, אַנשטאָט פון אונטען.

דער שטערען זיינער איז פון די אויגען אָן געווען איינגעפאַלען אויף צוריק־צו, און די האָר האָבען זיך ביי איהם אָנגעהויבען גלייך פון די אויגען און זיינען געלאָפען אַרויף איבער'ן קאָפּ. דער קאָפּ אַליין איז געווען נאַריש־קליין און איז אויפגעהאַלטען געוואָרען אויף פונקט אַזאַ נאַרישען, דיקען און קורצען האַלז.

אין זיין קערפּער, ווי אין אונזערע אַלעמענ'ס קערפּער, איז געווען אַ גרינטליכע עקאָנאָמיע. דער ברוסט־קאַסטען איז, אמת, געווען אַ טיפער, אָן אויסגעהוילטער; עס האָבען אָבער געפעהלט די פול־אָנגעצויגענע מוסקולען, די ברייטע אַקסלען, די אויסגע־מאָסטענע גלייכהייט פון די אברים און די פריינע סימעטריע פון די ליניעס. דער קערפּער פון מיין פאָטער האָט מיט זיך פאַרגעשטעלט קראַפט, קראַפט אָהן שעהנקייט; ווילדע, פּרימיטיווע קראַפט, וועל־כע איז באַשאַפען געוואָרען צו רייסען, ברעכען, דריקען און פאַר־ניכטען.

זיינע היפטען זיינען געווען דין; און די פיס, דאַר'ע און האָ־ריגע, זיינען געווען אויסגעקרימט און אַדערדיג. מיין פאָטער'ס פיס האָבען אין דער אמת'ען גיכער אויסגעזעהען, ווי אָרעמס. זיי זיינען געווען צוזאַמענגעדרעהט און קניפעלדיג און האָבען קוים גע־האַט אַן אַנדייטונג אויף די פולע פליישיגע ליטקעס, וועלכע גיבען צו שענקייט צו אייערע און מיינע פיס. איך געדענק, אַז ער

האט נישט געקאנט טרעטען אויף זיינע פיס. דאס איז דערפאר, ווייל ער האט געהאט גרייף־פיס, וועלכע זיינען געווען מעהר הענט, איידער פיס. דער גראבער פוס־פינגער, אנשטאט צו געהן אין איין ליניע מיט די אנדערע פינגער, איז, ווי דער גראבער האנט־פינגער, אפגעשטאנען פון זיי; דאס האט איהם נעגעבען א מעגליכקייט צו גרייפען מיט די פיס, אויף וועלכע ער האט אבער נישט געקאנט טרעטען.

אבער זיין אויסזעהן איז נישט געווען מעהר אומגעוועהנליך, ווי דער אופן פון זיין צוקומען צו מיר און צו מיין מוטער, בעת מיר זיינען געזעסען אין דער הויך איבער די אויפגערייצטע שוויינען. ער איז געקומען דורך די בוימער, שפרינגענדיג פון צווייג צו צווייג און פון בוים צו בוים; און ער איז געקומען געשווינד. איך קאן איצט, אין מיין וואכענדיגען לעבען, בעת איך שרייב דאס, איהם זעהן, ווי ער, א פיער־העגטיג, האריג באשעפעניש, שווינגט זיך דורך די בוימער, ווי ער וואיעט מיט צארן און שטעלט זיך פון צייט־צו־צייט אפ צו קלאפען זיך מיט א צונויפגעדריקטען פויסט אין ברוסט, ווי ער שפרינגט אויף צעהן און פופצעהן פוס, ווי ער כאפט זיך אן מיט איין האנט אן א צווייג און צעהוידעט זיך, כדי אנצוכאפען זיך מיט דער צווייטער האנט און געהן ווייטער, ווי ער קווענקעלט זיך קיינמאל נישט און פארלירט זיך קיינמאל נישט אויף זיין וועג איבער די בוימער.

און ווען איך האב זיך צוגעקוקט צו איהם, האב איך גע־פיהלט אין מיין איינגענעם ווען, אין מיינע מוסקולען, ווי עס רעגט זיך און עס געהט אויף אין מיר א פארלאנג אוועקצולאזען זיך שפרינגען פון צווייג צו צווייג; און איך האב אויך געפיהלט די זיכערקייט אין דער פארבארגענער קראפט, וואס איז פאראן אין מיין ווען און אין מיינע מוסקולען. און פארוואס דען נישט? קליינע אינגלעך זעהען צו, ווי זייערע פאטערס שווינגען העק אין האקען אוים בוימער, און זיי פיהלען, אז זיי וועלען אמאל אויך שווינגען העק און אויסהאקען בוימער. און דאסזעלבינע איז געווען

מיט מיר. דאס לעבען, וואס איז געווען אין מיר, איז געווען באַשטימט אויף דעם, אז איך זאל טון, וואס מיין פאטער האט געטון, און האט מיר שטילערהייט און אמביציעז איינגערוימט וועגען לופט־וועגען און וואלד־אויפשוואונגען.

מיין פאטער איז, ענדליך, צוגעקומען צו אונז. ער איז געווען אויסערגעוועהנליך אויפגערייצט. איך געדענק, ווי זיין ארוים־שטארצענדיגע אונטערשטע ליפ איז אפגעשטאנען, בעת ער האט ווילד אראפגעקוקט צו די שווינען. ער האט געוואַרטשעט, עפעס עהנליך צו א הונט, און איך געדענק, אז זיינע שנייד־צייהן זיינען געווען אזוי גרויס, ווי פאנג־צייהן און אז זיי האבען געמאכט אויף מיר א מורא'דיגען איינדרוק.

ער האט מיט זיין אויפפיהרונג נאך מעהר אויפגערייצט די שווינען. ער האט אפגעבראכען קליינע צווייגלעך און האט זיי ארונטערגעווארפען אויף אונזערע שונאים. ער האט זיך גערייצט מיט די ווילדע חיות, אראפהענגענדיג אויף איין האנט גאנץ נאהענט פון זיי, און האט געמאכט פון זיי חוזק, בעת זיי האבען אין אוממאכטיגען צארן געקנאקט מיט זייערע האק־צייהן. נישט באַניגענדיג זיך דערמיט אליין, האט ער נאך אפגעבראכען א דיקען צווייג און האט, אנהאלטענדיג זיך אן דעם בוים מיט איין האנט און איין פוס, געשטאכען די אויפגערייצטע חיות אין די זייטען און געקלאפט זיי איבער די נעזער. עס איז איבעריג צו זאגען, אז איך און מיין מוטער האבען הנאה געהאט פון דעם דאזיגען שפיל.

אבער יעדע זאך דערעסט, און מיין פאטער איז, ביז כיכיר־קענדיג, צום סוף אוועק ווייטער איבער די בוימער. מיין געוואגטקייט האט זיך איצט פון מיר אפגעטון און איך בין ווידער געווארען שרעקעוודיג און האב זיך שטייף אנגעהאלטען אן מיין מוטער, בעת זי האט געקלעטערט און זיך געוויגט אין דער לופטען. איך געדענק, ווי א צווייג האט זיך איינגעבראכען אונטער איהר. זי האט א ברייטען שפרונג געטון, און ווען דאס האלץ האט זיך איינגעבראכען, האט מיך ארומגעכאפט א שווער־דריקענדיג געפיהל,

אז מיר ביידע פאלען אין דעם רוים. דער וואלד און די זון־פלעקען אויף די רוישענדיגע בלעטער זיינען מיט אמאל פארשוואונדען פון מיינע אויגען. עס האט שוואך אויפגעבליצט פאר מיר דער אנ־בליק פון מיין פאטער, ווי ער האט זיך שנעל אפגעשטעלט צו זעהן אונזער פאלען. — און אלץ איז פינסטער געווארען.

אין א ווייל ארום האב איך זיך אויפגעכאפט, ליגענדיג אין מיין ווייכען בעטעל, א פארשוויצטער, א ציטערענדיגער און מיט א געפיהל פון איבעלקייט. דאס פענסטער איז געווען אפען און א קיהל ווינטעל האט אריינגעבלאזען אין צימער. דאס נאכט־לעמפעל האט רוהיג געברענט. און דערפאר נעם איך אן, אז די ווילדע שוויי־נען האבען אונז נישט באקומען און אז מיר האבען נישט דער־גרייכט דעם באדען; ווען נישט וואלט איך דאך נישט געווען אויף דער וועלט אין א הונדערט טויזענט יאהר ארום צו קאנען געדענקען די דאזיגע געשעהעניש.

און איצט שטעלט זיך אויף איין מאמענט אוועק אין מיין לאגע. געהט זיך מיט מיר אביסעל דורך דורך מיין צארטער קינדהייט, שלאפט מיט מיר דורך א נאכט און שטעלט זיך פאר, אז עס חלום'ען זיך אייך אזעלכע אומבאגרייפליכע שרעקנישען. איהר דארפט אינזינען האבען, אז איך בין געווען אן אומערפארען קינד. איך האב קיינמאל אין מיין לעבען נישט געזעהען קיין וויל־דען שוויין. איך האב אפילו קיינמאל נישט געזעהען קיין שטו־בינען שוויין. די איינציגע באקענטשאפט, וואס איך האב געמאכט מיט איינעם פון דעם מין, איז געווען דאס גערויכערטע שוויינען פלייש, וואס האט געצישעט אין שמאלץ, בעת מען האט עס דער־לאנגט צום אנבייסען. און דאך האבען ווילדע שוויינען, אמת'־דיגע, ווי דאס לעבען אליין, זיך אריינגעבראכען אין מיינע חלומות, און איך אליין מיט מיינע פאנטאסטישע עלטערען האבען זיך גע־וויגט אין דער הויך איבער די בוימער.

וואונדערט איהר זיך נאך, וואס איך בין געווען אנגעשראקען און געדריקט פון מיינע קאשמארען־נעכט? איך בין געווען א פאר־

שאלטענער מענש. און ערגער פון אלץ איז געווען דאס, וואס איך האב מורא געהאט וועגן דעם צו דערצעהלען. איך וויים נישט, ווארום איך האב מורא געהאט צו דערצעהלען, א חוץ דעם, וואס איך האב געהאט א געפיהל פון שולדיגקייט, כאטש איך האב נישט געוואוסט, אין וואס אזוינס מיין שולד איז באשטאנען. און אזוי האב איך יאהרענלאנג געליטען אין דער שטיל, ביז וואנען איך בין געווארען א פוליעהריגער מענש און האב זיך דערוואוסט וועגען דער אורזאך און דעם גרונט פון מיינע חלומות.

## פערטער קאפיטעל

איין זאך אין די דאזיגע פארהיסטארישע ערינערונגען מיינע האט מיך אריינגעבראכט אין פארווירונג. דאס איז די נישט־קלארקייט פון דעם צייט־עלעמענט. נישט אלע מאל ווייס איך די ארדענונג פון די געשעהענישען און נישט אלעמאל קאן איך זאגען, צי עס איז צווישען געוויסע געשעהענישען פאריבער איין יאהר אדער צוויי, פיער יאהר אדער פינף. איך קאן נאר זאגען בכלל וועגען דעם לויף פון דער צייט, אורטיילענדיג נאך די ענדערונגען, וואס זיינען פארגעקומען אין דעם אויסזעהן און אין די האנדלונגען פון מיינע חברים.

איך קאן זיך אויך פארשטעלען דעם לאגישען גאנג פון די פארשיידענע געשעהענישען. צום ביישפיל, עס איז גאר קיין צווייפעל נישטא אין דעם, אז איך און מיין מוטער זיינען פון די ווילדע שווייני ארויפגעטריבען געווארען אויף א בוים און זיינען געלאפען און געפאלען אין די טעג, איידער איך האב נאך געשלאסען באקענטשאפט מיט ל א נ ג ־ א ו י ע ר, וועלכער איז, קאן איך זאגען, געווארען מיין יוגענד־חבר. און פונקט אזוי זיכער איז, אז איך האב פארלאזען מיין מוטער צווישען די דאזיגע צוויי פעריאדען.

וועגען מיין פאטער האב איך נישט קיין אנדער ערינערונג, א חוץ דער, וואס איך האב פריהער איבערגעגעבען. ער איז שוין מעהר קיינמאל נישט ערשינען פאר מיר אין די שפעטערדיגע יאהרען. און קענענדיג יענע צייט, האב איך דערויף נאר איין

איינציגע דערקלערונג, און דאָס איז, אַז ער איז איינגיבען נאָך דער וואַגנטור מיט די ווילדע שוויינען אומגעקומען. עס איז גאָר קיין פֿראַגע נישט, אַז זיין סוף איז געווען אַ פּריהצייטיגער. ער איז געווען אין זיין פולער קראַפט און נאָר אַ פּלוצלינגדיגער און גוואַלט־זאַמער טויט האָט איהם געקאָנט אַוועקנעמען. איך ווייס אָבער נישט, ווי אַזוי ער איז אומגעקומען — צי איז ער דערטרונקען געוואָרען אין טייך, צי אַ שלאַנג האָט איהם אויפגעפרעסען, אָדער ער איז פאַרזונקען געוואָרען אין דעם מאָגען פון דעם אַלטען שוואַרד־צאָהן, דעם טיגער. — דאָס איז מיר אינגאַנצען נישט באַוואוסט.

איהר דאַרפט וויסען, אַז איך געדענק נאָר די זאַכען, וועלכע כ'האָב אַליין מיט מיינע אייגענע אויגען געזעהען אין יענע פֿאַרהיס־טאָרישע טעג. אויב מיין מוטער האָט יאָ געוואוסט וועגען מיין פֿאָ־טער'ס סוף, האָט זי מיר אָבער וועגען דעם קיינמאָל נישט דער־צעהלט. איך צווייפעל אויך, אויב זי האָט פאַרמאָגט גענוג ווער־טער צו קאָנען איבערגעבען אַזאַ זאַך. די מענשען האָבען אין יענער צייט אַרום און אַרום פאַרמאָגט אפשר אַ ווערטער־אוצר פון דרייסיג אָדער פערציג קלאַנגען.

איך רוף זיי ניכער קלאַנגען, איידער ווערטער, ווייל זיי זיינען קודם כל געווען קלאַנגען. זיי האָבען נישט געהאַט קיין פעסטגעשטעלטע באַדייטונג, וואָס זאָל קאָנען געענדערט ווע־רען דורך ביי־ווערטער און באַשטימונגס־ווערטער. די לעצטע זיי־נען געווען נאָך נישט קיין ערפונדענע רעד־מיטלען. אַנשטאָט צו קוואַליפיצירען די הויפּט־ און צייט־ווערטער דורך דעם געברויכען פון ביי־ווערטער און באַשטימונגס־ווערטער, האָבען מיר קוואַליפי־צירט די קלאַנגען דורך אינטאָנאַציע, דורך ענדערונגען אין דער מאָס און אַרט פון טאָן, דורך זייער אויסציהונג אָדער פאַרשנע־לערונג. דער משך פון צייט, וואָס איז באַנוצט געוואָרען אויף אַרויסזאָגען אַ געוויסען קלאַנג, האָט באַשטימט זיין באַדייטונג.

מיר האבען נישט געהאט קיין בויגונגען. די צייט־פארמען
האט מען דערקענט נאך זייער צוזאמענהאנג מיט דעם איבעריגען.
מיר האבען גערעדט נאר וועגען קאנקרעטע זאכען, ווייל מיר הא־
בען געטראכט נאר וועגען קאנקרעטע זאכען. מיר זיינען אויך
אין א גרויסער מאס אפגעהאנגען פון דער מימיק. די איינפאכסטע
אבסטראקציע איז געוועז אויסער אונזער דענקונגס־מעגליכקייט;
און אויב עמיצען איז אפילו שוין אויסגעקומען צו האבען אן אב־
סטראקטע פארשטעלונג, איז איהם שווער געוועז איבערצוגעבען זי
צו זיינע חברים. ער האט פאר דעם נישט געהאט קיין קלאנגען. ער
האט געמוזט אריבערטרעטען די גרענעץ פון זיין ווערטער־אוצר.
אויב ער האט געשאפען פאר דעם נייע קלאנגען, האבען זיינע
חברים זיי נישט פארשטאנען. דעמאלט האט ער זיך ווידער גע־
נומען צו דער מימיק, אילוסטרירענדיג דעם געדאנק וואו דאס האט
זיך נאר געלאזט, און האלטענדיג אין דער זעלבינער צייט אין איין
איבערחזר'ען דעם נייעם קלאנג.

אויף אזא אופן איז די שפראך געוואקסען. די עטליכע קלאנ־
גען, וואס מיר האבען פארמאגט, האבען אונז געגעבען א מעגליכ־
קייט צו דענקען עטוואס ווייטער פון זייערע גרענעצען; דערנאך
איז געקומען די באדערפעניש פון נייע קלאנגען אויף אויסדריקען
דעם נייעם געדאנק. צייטענווייז האבען מיר אבער מיט אונזער
דענקען געמאכט א ווייטען שפרונג אריבער אונזערע קלאנגען, הא־
בען דערגרייכט געוויסע אבסטראקציעס (גאנץ טונקעלע, מוז איך
צוגעבען), וועלכע עס איז אונז בשום אופן נישט געלונגען באקענט
צו מאכען פאר אנדערע מענשען. נאך אלעמען איז די שפראך
אין יענער צייט געוואקסען נישט זעהר שנעל.

א, גלויבט מיר, מיר זיינען געוועז אויסערגעוועהנליך פשוטע
בריאות. מיר האבען אבער געוואוסט פיעל זאכען, וועלכע זיינען
שוין איצט מעהר נישט באוואוסט. מיר האבען געקאנט פריי בא־
וועגען אונזערע אויערען, אויפשטעלענדיג און אראפלאזענדיג זיי.
מיר האבען אויך לייכט געקאנט זיך קראצען צווישען די אקסלען.

מיר האָבן געקאָנט וואַרפן שטיינער מיט אונזערע פיס. איך אַליין האָב דאָס פיעל מאָל געטון. איך האָב אויך געקאָנט האַלטן מיינע פיס אויסגעצווינגען, איינבויגען זיך פאָראויס אין די היפטען און אָנריהרען די ערד ניט מיט די שפּיץ פינגער, נאָר מיט די עלענבויגענס. און וועגען אַרויסנעמען פויגעל פון די נעסטען — וואָלט איך נאָר געוואונשען, אַז אַ אינגעל פון צוואַנציגסטען יאָהרהונדערט זאָל אונז קאָנען זעהן. מיר האָבן אָבער נישט געזאַמעלט די אייער. מיר האָבן זיי אויפגעגעסען.

איך געדענק... אָבער איך לויף צו־ווייט אַוועק פון מיין דערצעהלונג. לאָמיך אייך קודם כל דערצעהלען וועגען ל א נ ג־ א ו י ע ר און וועגען אונזער פריינדשאַפט. איך האָב זיך זעהר פריה צעשיידט מיט מיין מוטער. מעגליך, אַז דאָס איז געווען דערפאַר, ווייל נאָך מיין פאָטער'ס טויט האָט זי זיך גענומען אַ צווייטען מאַן. איך האָב ווייניג ערינערונגען וועגען איהם, און די זיינען אויך נישט פון די בעסטע. ער איז געווען אַ לייכטער בחור. עס איז נישט געווען אין איהם קיין שום פעסטקייט. ער איז געווען אַ צו־גרויסער פּלאַפּלער. זיין אַפּשייליכע פּלוידעריי קוועלט מיך נאָך אפילו איצט, ווען איך טראַכט וועגען דעם. זיין שכל איז געווען צו נישט־אויסגעהאַלטען, אַז ער זאָל איהם דערלויבען צו האָבען עפּעס אַ ציל. מאַלפּעס אין שטייגען דערמאָנען מיר אַלע מאָל וועגען איהם. ער איז געווען מאַלפּיש. דאָס איז די בעסטע כאַראַקטעריסטיק, וואָס איך קאָן געבען פון איהם.

ער האָט מיך געהאַסט גלייך פון אָנהויב אָן, און איך האָב שנעל זיך אויסגעלערנט מורא צו האָבען פאַר איהם און פאַר זיינע בייזע שטיפערייען. ווען ער האָט זיך נאָר באַוויזען, בין איך גלייך צוגעקראָכען צו מיין מוטער און האָב זיך געטוליעט צו איהר. אָבער איך בין דאָך מיט דער צייט געוואָרען אַלץ גרעסער, און עס איז געווען אוממעגליך, אַז איך זאָל פון צייט־צו־צייט פאַרבלאָנדזשען ערגעץ ווייט פון איהר. דער פּ ל ו י ד ע ר ע ר האָט טאַקע אויף אַזאַ געלעגענהייט אַרויסגעקוקט. (איך מוז דאָ דערקלערען,

אז מיר האבען אין יענער צייט נישט געטראגען קיין שום נעמען; מיר זיינען נישט באוואוסט געוועזן אונטער קיין שום נאמען. צו־ליב באקוועמליכקייט האב איך אליין געגעבען נעמען צו די פאר־שיידענע מענשען, מיט וועלכע עס איז מיר אויסגעקומען צוזא־מענצוטרעפען זיך גאר נאהענט. און דער פ ל ו י ד ע ר ע ר איז די פאסענדיגסטע כאראקטעריסטיק, וועלכע איך קאן געפינען פאר דעם טייערען שטיף־פאטער מיינעם. וואס עס איז שייך צו מיר, האב איך זיך אליין א נאמען געגעבען „ג ר ו י ס ־ צ א ה ן“. (מיינע שנייד־צייהן זיינען געווען גאנץ היבשליך.)

לאמיר זיך אבער אומקערען צו דעם פ ל ו י ד ע ר ע ר. ער האט מיך נאכאנאנד געפייניגט. ער פלעגט מיך אלע מאל קנייפען און פאטשען און ביי א געלעגענהייט האט ער זיך אויך נישט אפ־געזאגט פון בייסען מיך. מיין מוטער האט זיך אפט אריינגעמישט. און עס איז געווען א פרייד צו זעהן, ווי אזוי זי האט איהם דאס אביסעל געפליקט די האר. אבער דאס אלץ האט זיך אלע מאל אויסגעלאזט מיט א גאנץ פיינער און אומענדליכער פאמיליען־קריגעריי, פון וועלכער איך בין געווען דער צאנק־עפעל.

ניין, מיין היים־לעבען איז נישט געווען גליקליך. איך שמייכעל צו זיך אליין, ווען איך שרייב אן די דאזיגע פראזע. היים־לעבען! היים! איך האב נישט געהאט קיין היים אין דעם מאדערנעם זין פון ווארט. מיין היים איז געווען א געזעלשאפט און נישט קיין וואוינונג. איך האב געלעבט אונטער מיין מוטער׳ס אויפזיכט און נישט אין קיין הויז. און מיין מוטער האט געלעבט וואו־נישט־איז. און ווי נאר די נאכט איז צוגעפאלען, איז זי שוין געווען אין דער הויך איבער דער ערד.

מיין מוטער איז געווען אלט־מאדיש. זי האט זיך נאך אלץ געהאלטען ביי איהרע בוימער. די פראגרעסיווערע מיטגלידער פון אונזער הארדע האבען געלעבט אין די היילען איבער דעם טייך. מיין מוטער איז געווען א נישט־צוטרויליכע און נישט־פראגרעסיווע נאטור. די בוימער זיינען געווען גאנץ גוט פאר איהר. מיר הא־

בען, פארשטעהט זיך, געהאט איין באזונדערען בוים, אויף וועלכען מיר האבען זיך געוועהנליך געהאלטען, אבער אפטמאל, ווען מיר האבען זיך געפונען ערגעץ אנדערש, בעת די נאכט איז צוגעפאלען, האבען מיר זיך פארקליבען אויך אויף אנדערע בוימער. אין א באקוועמער פאנאנדערצווייגונג פון בוים האבען מיר געהאט א מין גראב־געמאכטע פלאטפארם פון ריטלעך, צווייגען און קריכענדיגע געוויקסען. עס איז גיכער פון אלץ געווען עהנליך צו א גרויסער פויגעל־נעסט, כאטש טויזענט מאל ערגער געפלאכטען. עס האט אבער פארמאגט איין זאך, וואס איך האב קיינמאל נישט געזעהען אין א פויגעל־נעסט, און דאס איז א דאך.

א, דאס איז נישט געווען קיין דאך, ווי א מאדערנער מענש מאכט איהם! עס איז אפילו נישט געווען אזא דאך, ווי די פרימיטיווסטע מענשען פון היינטיגער צייט מאכען עס. עס איז געווען אהן אן ערך אומגעלומפערטער פון דער אומגעלומפערטסטער האנטארבייט פון א מענשען — פון א מענשען, ווי מיר קאנען איהם איצט. עס איז צונויפגעשטעלט געווארען אויף א צופעליגען נישט־אויסגערעכענטען אופן. איבער דער פאנאנדערצווייגונג פון דעם בוים, אויף וועלכען מיר האבען זיך געפונען, איז געווען אנגעווארפען א קופע טויטע צווייגען און בושען. פיער אדער פינף דערבייאיגע אפצווייגען האבען אויפגעהאלטען דאס, וואס איך קאן אנרופען די פארשיידענע קווערבאלקענס. דאס זיינען געווען נישט מעהר, ווי שטארקע שטעקענס פון ארום א צאל אין דיאמעטער. אויף זיי האבען זיך געהאלטען די בושען און צווייגען, וועלכע האבען אויסגעזעהען צו זיין אנגעווארפען כמעט אהן א ציל. עס איז אפילו נישט געמאכט געווארען קיין פארזוך אויסצולייגען זיי אין ארדענונג. און איך מוז מודה זיין, אז אין א שטארקען רעגען האט דורכ'ן דאך אריינגערונען אויף א זעהר קלעגליכען אופן.

אבער דער פ ל ו י ד ע ר ע ר — ער האט דאס היים־לעבען געמאכט אומדערטרעגליך פאר מיר און פאר מיין מוטער — און

ווען איך זאג ה י י ם ־ ל ע ב ע ן מיין איך נישט די רינעדיגע נעסט אויפ'ן בוים, נאר דאס צוזאמענלעבען פון אונז דרייען. ער איז געווען אויסערגעוועהנליך בייזווילינ אין זיין פארפאלגען מיך. דאס איז געווען די איינציגע זאך, וועלכע ער האט ענערגיש אנגע־האלטען אריבער פינף מינוט. מיט דער צייט איז אויך מיין מוטער געווארען ווענינער אייפעריג אין איהר איינשטעלען זיך פאר מיר. איך רעכען, דער פ ל ו י ד ע ר ע ר האט געקערט האלטען אין איין ארומרייסען זיך מיט מיין מוטער, ביז וואנען איך בין גע־ווארען פאר איהר א לאסט. מיין לאגע איז אינגיכען געווארען אזוי שלעכט, אז איך האב אליין מיט מיין איינענעם ווילען געוואלט פארלאזען די היים. מען האט מיר אבער נישט דערלאזט צו הא־בען די זעלבסט־באפרידיגונג פון דורכפיהרען אזא מוטיגען אקט. איך בין ארויסגעווארפען געווארען, איידער איך בין געווען גרייט צו געהן אליין. און איך מיין עס אין דעם בוכשטעבליכען זין פון ווארט.

די דאזיגע געלעגענהייט האט זיך געמאכט פאר דעם פ ל ו י־ ד ע ר ע ר איינמאל, ווען איך בין געווען איינער אליין אין נעסט. מיין מוטער איז צוזאמען מיט דעם פ ל ו י ד ע ר ע ר אוועק צו דעם יאגדעס־זומפ. עס ווייזט אויס, אז ער האט די גאנצע זאך אויסגעפלאנעוועט, ווייל איך האב געהערט, ווי ער איז איינער אליין געגאנגען צוריק דורכ'ן וואלד, ברומענדיג פון צארן. ווי אלע מענשען פון אונזער הארדע בעת זיי זיינען געווען אויפגעבראכט, אדער האבען געוואלט ארייננבריינגען זיך אין כעס, האט ער פון צייט־צו־צייט זיך אפגעשטעלט צו קלאפען זיך מיט'ן פויסט אין ברוסט אריין.

איך האב באנומען די הילפלאזיגקייט פון מיין לאגע און האב ציטערענדיג זיך צוזאמענגעקארטשעט אין נעסט. דער פ ל ו י־ ד ע ר ע ר איז צוגעגאנגען גלייך צום בוים — איך געדענק, אז עס איז געווען א דעמב — און האט גענומען ארויפקלעטערען אויף

איהם. ער האט די גאנצע צייט אויף א ווייל נישט אויפגעהערט צו ליארעמען מיט ווילדער רציחה. ווי איך האב שוין געזאגט, איז אונזער שפראך געווען אויסערגעוועהנליך ארעם, און ער האט זי געמוזט דרעהען אויף אלערליי אופנים צו לאזען מיר וויסען וועגען זיין נישט־געשטילטען האס, וואס ער פיהלט צו מיר און וועגען זיין אפזיכט צו מאכען איינמאל פאר אלעמאל פון מיר א סוף.

ווען ער האט ארויפגעקלעטערט צו דעם אפצווייג, וואו די נעסט איז געווען, האב איך ארויפגעקלעטערט אויף דעם גרויסען האריזאנטאלען צווייג. ער האט מיך נאכגעפאלגט, אבער איך בין אוועק אלץ ווייטער און ווייטער, ביז איך בין, ענדליך, ארויס צווי־שען די קליינע צווייגלעך און בלעטער. דער פ ל ו י ד ע ר ע ר איז אלעמאל געווען א פייגלינג, און זיין פארזיכט איז געווען גרע־סער פון זיין גרעסטען צארן, צו וועלכען ער איז ווען־נישט־איז דערגאנגען. ער האט מורא געהאט ווייטער צו פאלגען נאך מיר צווישען די בלעטער און דינע צווייגלעך. און זיין שווערע וואג וואלט איהם אויך געווען אראפציהען אראפ, נאך איידער ער וואלט צו מיר צוגעקומען.

עס איז אבער נישט נויטיג געווען פאר איהם מיך צו דער־גרייכען, און ער האט דאס גוט געוואוסט, דער לומפ! מיט א בייזוויליגען אויסדרוק אויפ'ן פנים און מיט א גרויזאמען גלאנץ אין זיינע אויגען האט ער אנגעהויבען זיך וויגען און פאנאנדער־שאקלען דעם בוים. און איך בין געשטאנען אויפ'ן סאמע ראנד פון צווייג, אנהאלטענדיג זיך פעסט אן די ריטלעך, וועלכע האבען אהן אן אויפהער זיך געבראכען אונטער דער משא פון מיין קער־פער. די ערד איז געווען צוואנציג פוס אונטער מיר.

ער האט זיך געוויגט אלץ ווילדער און ווילדער, שטשירענדיג אויף מיר די צייהן מיט בייזען האס. און דעמאלט איז געקומען דער סוף. מיינע הענט און פיס האבען מיטאמאל זיך אפגעריסען פון דעם בוים און איך בין געפאלען אויפ'ן רוקען, קוקענדיג ארויף־

צו צו איהם און איינקלעמענדיג נאך אלץ מיט די הענט און מיט די פיס די אפגעבראכענע ריטלעך. צום גליק זיינען אונטער מיר נישט געווען קיין ווילדע שווייגען, און מיין פאלען איז אפגעשוואכט געווארען פון די ווייכע בושען.

מיין פאלען מאכט געוועהנליך א סוף צו מיינע חלומות, ווייל די נערוועזע אויפטרייסלונג איז גענוג, אז איך זאל אין א ווייל דורכגעהן די הונדערט טויזענט יאהר און אריינגעשליידערט ווערען אין מיין בעטעל, וואו איך ליג א פארשוויצטער, א ציטערענדיגער, און הער, ווי עס שלאגט אין קארידאר דער קוקוק־זייגער. אבער דעם חלום וועגען פארלאזען מיין היים האב איך געזעהען פיעל מאל, און קיינמאל האב איך נאך פון איהם נישט אויפגעכאפט זיך. אלע מאל ברעך איך זיך דורך מיט א געשריי דורך די בושען און קלאפ זיך אפ אן דער ערד.

א צעדראפעטער, א צעקלאפטער, בין איך, כניקענדיג, געבליבען ליגען אויפ'ן ארט, וואו איך בין געפאלען. איך האב דורך די בושען געקאנט זעהן דעם פ ל ו י ד ע ר ע ר. ער האט אויפגעהויבען זיין קול אין א דעמאנישען פרייד־געזאנג און זיך געוויגט צום טאקט. איך האב גלייך אויפגעהערט צו כניקען. איך האב זיך מעהר נישט געפונען אין דער זיכערקייט פון די ביימער און איך האב געוואוסט, וואס פאר א סכנה איך וואלט אויף זיך געבראכט, צוציהענדיג מיט מיין צו־הויכען אויסדרוק פון וועהטאג די פארפאלגענדיגע חיות.

ווען מיינע קרעכצען זיינען פארשטילט געווארען האב איך, געדענק איך, זיך פאראינטערעסירט מיט די מאדנע ליכט־עפעקטען, וואס זיינען ארויסגעקומען דורך דעם טיילווייזען אויפמאכען און צומאכען פון מיינע אויגענלעדלעך, וועלכע זיינען נאס געווען פון טרערען. נאך דעם האב איך אנגעהויבען אונטערזוכען זיך אליין און האב אויסגעפונען, אז איך האב מיט מיין פאלען נישט איבעריג שטארק זיך צעקלאפט. עס האבען מיר דא־דארט געפעלט האר און שטיקלעך הויט; דער שארפער און שפיציגער עק פון אן

אפגעבראכענעם צווייג האט זיך אויף א צאל די טיף ארייגעשטא־
כען אין מיין ארעם; און מיין רעכטע היפט, וועלכע האט געהאט
אויף זיך א סימן פון מיין אפקלאפען זיך אן דער ערד, האט מיר
שרעקליך וועה געטון. אבער דאס זיינען נאך אלעמען געווען נאר
קליינע וואונדען. קיין ביין איז נישט צעבראכען געווארען, און
אין יענער צייט האט דער מענשליכער קערפער זיך לייכטער אויס־
געהיילט, איידער איצט. פונדעסטוועגען איז דאס געווען א שווע־
דער פאל, ווייל איך בין א גאנצע וואך נאך דעם געלעהמט געווען
אויף מיין צעשעדיגטער היפט.

לינענדיג אין די בושען, האט מיך באהערשט דאס געפיהל פון
עלענד און היימלאזיגקייט. איך האב באשלאסען ביי זיך מעהר
קיינמאל נישט צוריקצוקערען זיך צו מיין מוטער און צו דעם
פ ל ו י ד ע ר ע ר. איך וועל אוועקגעהן ערגעץ ווייט אין דעם
שרעקליכען וואלד און וועל געפינען פאר זיך עפעס א בוים צו זי־
צען אויף איהם. וואס עס איז שייך צו שפייז, האב איך געוואוסט,
וואו זי צו געפינען. דאס לעצטע יאהר בין איך מעהר נישט
געווען אנגעוויזען מיט שפייז אויף מיין מוטער. זי האט מיך נאר
באשיצט און אכטונג געגעבען אויף מיר.

איך בין לאנגזאם ארויסגעקראכען פון די בושען. איך האב
איינמאל זיך אומגעקוקט און האב געזעהען, ווי דער פ ל ו י ד ע־
ר ע ר האט זיך נאך אלץ געווינט און געזונגען. עס איז נישט
געווען פאר מיר אנגענעם דאס צו זעהן. איך האב גאנץ גוט גע־
וואוסט ווי צו זיין פארזיכטיג, און איך האב זיך אהן אן ערך פיעל
געהיט אויף מיין ערשטער רייזע איבער דער וועלט.

איך האב גארנישט א טראכט געטון, וואוהין איך געה. איך
האב געהאט נאר איין־איינציגען ציל, און דאס איז געווען אוועק־
צוגעהן וואס ווייטער פון דעם פ ל ו י ד ע ר ע ר. איך האב
ארויפגעקלעטערט אויף א בוים און האב שטונדענלאנג ארומגע־
וואנדערט פון בוים צו בוים, נישט אראפלאזענדיג זיך אויף דער
ערד. איך בין אבער נישט געגאנגען אין וועלכער נישט איז בא־

שטימטער ריכטונג און איך בין נישט נעגאנגען די גאנצע צייט געבאנאנד. עס איז געווען אין מיין נאטור, ווי אין דער נאטור פון אלע מיינע מיטמענשען, צו זיין נישט־אויסגעהאלטען. אחוץ דעם בין איך דאך געווען נאך נאר א קינד און האב גאנץ אפט זיך אפגעשטעלט צו שפילען זיך.

די געשעהעגישען, וואס האבען מיט מיר געטראפען, בעת איך האב פארלאזען מיין היים, זיינען פארבליבען זעהר נישט־קלאר אין מיין פארשטעלונג. מיינע חלומות נעמען זיי נישט אריין. מיין צווייטער „איך" האט פארגעסען פיעל זאכען און מעהר פון אלץ פון אט־דעם פעריאד. איך האב אויך נישט געקאנט צוזאמענשטעלען די פארשיידענע חלומות, כדי אויסצופילען דעם חלל צווישען מיין פארלאזען די היים און מיין אנקומען צו די היילען.

איך געדענק, אז איך בין איינינע מאל אנגעקומען צו אפענע לאנען. איך בין זיי איבערגעגאנגען מיט פיעל שרעק, אראפלאזענדיג זיך אויף דער ערד און לויפענדיג מיט אלע מיינע כוחות. איך געדענק, אז עס זיינען געווען רעגענדיגע און זוניגע טעג, אזוי אז איך האב געמוזט וואנדערען א היבש ביסעל צייט. עס האט זיך מיר באזונדערס געחלום'ט וועגען מיין אומגליקליכער לאנגע בעת'ן רעגען און וועגען מיינע הונגער־ליידען און ווי אזוי איך האב דעם הונגער געשטילט. זעהר א שטארקען איינדרוק האט איבערגעלאזט נאך זיך דאס יאגען זיך נאך קליינע יאשטשערקעס אויפ'ן שפּיץ פון א בערגעל. זיי זיינען ארונטערגעלאפען אונטער די שטיינער, וואו זיי זיינען פארשוואונדען געווארען; אבער צופעליג האב איך איבערגעקערט א שטיין און האב געכאפּט איין יאשטשערקע. איך בין אנטלאפען פון דעם בערגעל פון מורא פאר די שלאנגען. זיי האבען מיך נישט נאכגעפאלגט. זיי זיינען נאר געלעגען אויף די פלאכע שטיינער, ווארעמענדיג זיך אויף דער זון. אבער מיין געירש'נטע מורא פאר שלאנגען איז געווען אזוי גרויס, אז איך בין אנטלאפען פון זיי אזוי שנעל, גלייך ווי זיי וואלטען זיך נאך מיר געיאגט.

נאך דעם האב איך גענריזשעט ביטערע קארע פון יונגע בוי־מער. עפעס גערענקט זיך מיר, אז איך האב גענעסען פיעל גרינע נים מיט ווייכער שאלעכץ און מילך־זאפטיגע יאדרעס. איך האב אבער א קלארע ערינערונג וועגען דעם, ווי איך האב גענליטען אויפ׳ן מאגען. איך וויים נישט, צי דאס איז מיר געקומען פון די גרינע נים אדער פון די יאשטשערקעס. איינס וויים איך, אז עס האט מיר אפגעגליקט נישט אויפגעפרעסען צו ווערען אין פארלויף פון די עטליכע שטונדען, וואס איך בין געלעגען אויף דער ערד, צוי־גויפגעדרעהט פון קרעמפען.

## פינפטער קאפיטעל

ארויסקומענדיג פון וואלד, האב איך מיטאמאל דערזעהען א בילד. איך האב זיך געפונען ביים ראנד פון א ברייטען פרייען פלאץ. פון איין זייט פון דעם דאזיגען פלאץ האט זיך אויפגעהויבען א הויכער משופע'דיגער ברעג. אויף דער אנדערער זייט איז געווען דער טייך. דער ברעג האט שארף־אפגעבראכען זיך אראפגעלאזט צום וואסער־צו, אבער אין איינינע ערטער, וואו עס זיינען אמאל פארגעקומען ערד־שטורצען, זיינען געווען דורכגעשניטענע שמאלע שטעגלעך. דאס זיינען געווען די טרונק־פלעצער פון די מענשען, וואס האבען געלעבט אין די היילען.

דאס איז אויך געווען דער הויפט־פלאץ, וואו די מענשען, אויף וועלכע איך האב גראד אנגעטראפען, האבען זיך אויפגעהאלטען. דאס איז געווען, קאן איך זאגען בדרך גוזמא, דאס דארף. מיין מוטער און דער פ ל ו י ד ע ר ע ר און איך, און איינינע אנדערע פשוטע נפשות זיינען געווען, אזוי צו זאגען, איינוואוינער פון דער אומגעגענד. מיר זיינען געווען א טייל פון דער הארדע, כאטש מיר האבען געלעבט אפגעזונדערט פון איהר. דער מהלך אהין איז געווען א גאנץ קורצער, נאר מיר האט אין מיין ארומוואנדערען גענומען א גאנצע וואך צו קומען אהין. וואלט איך געווען געהן מיט א גלייכען וועג, וואלט איך די רייזע געמאכט אין א שטונדע.

אבער לאמיך זיך צוריקקערען צום ענין. שטעהענדיג ביים ראנד פון וואלד, האב איך געזעהען די היילען אויף דעם בארגיגען

ברעג, דעם אפענעם פלאץ און די שטענגלעך צו די טרונק־פלעצער. און אויף דעם אפענעם פלאץ האב איך געזעהען פיעל מענשען פון דער הארדע. א גאנצע וואך האב איך, נאך גאר א קינד, ארומגע־בלאנדזשעט איינער אליין. און אין פארלויף פון דער דאזיגער צייט האב איך נישט געזעהען קיינעם פון מיין מין. איך האב געלעבט אין שרעק און אין עלענד. און איצט, דערזעהענדיג באשעפעניזשען פון מיין מין, האב איך פון פרייד גענומען לויפען צו זיי מיט אלע מיינע כוחות.

און דעמאלט איז געשעהען א מאדנע זאך. עמיצער פון דער הארדע האט מיך דערזעהען און האט אויפגעהויבען א ווארנונג־געשריי. און אין דערזעלבינער רגע איז די גאנצע הארדע זיך צע־לאפען, שרייענדיג אין פאנישער שרעק. שפרינגענדיג און קלע־טערענדיג איבער די פעלזען, זיינען זיי פארזונקען אין די עפענונ־גען פון די היילען און פארשוואונדען געווארען... אלע, א חוץ איי־נעם, א קליין קינד, וועמען מען האט אין טומעל אראפגעווארפען אונטער'ן בארג. עס האט יאמערליך געקלאגט. זיין מוטער איז מיט אימפעט ארויסגעלאפען; דאס קינד איז אויפגעשפרונגען איהר אנטקעגען און האט זיך שטייף אנגעהאלטען אן איהר. בעת זי האט געקלעטערט צוריק אין הייל אריין.

איך בין געבליבען איינער אליין. דער אפענער פלאץ, וואס איז פול געוועזען מיט מענשען, איז מיט אמאל געווארען פוסט. איך האב זיך אוועקגעזעצט א פארלארענער און האב גענומען כניקען. איך האב גארנישט פארשטאנען. ווארום זיינען דאס די מענשען פון מיר אנטלאפען? מיט א צייט שפעטער, ווען איך האב זיך באקענט מיט זייער ארט לעבען, האב איך דאס באגריפען. ווען זיי האבען מיך דערזעהען, ארויסלויפענדיג מיט אלע מיינע כחות פון וואלד ארויס, האבען זיי באשלאסען, אז עפעס א חיה יאגט זיך נאך מיר נאך. מיט מיין נישט־צערעמאניעלען צוקומען צו זיי, האב איך ארויפגעיאגט אויף זיי א פאנישע שרעק.

בעת איך בין אזוי געזעסען און האב געקוקט צו די עפענונגען פון די היילען, האב איך זיך דערוואוסט, אז די מענשען קוקען ארויס צו מיר. זיי האבען אינגיכען גענומען ארויסשטעקען די קעפ. שפעטער אביסעל האבען זיי גענומען רופען איינער צום אנדערען. אין איילעניש און אין טומעל האבען נישט אלע פון זיי געטראפען אין זייערע אייגענע היילען. איינינע פון דער יונגוואַרג האבען געזוכט א באהעלטעניש אין פרעמדע היילען. די מוטערס האבען זיי נישט גערופען ביי זייערע נעמען, ווייל די דאזינע ערפינדונג האבען מיר דעמאלט נאך נישט געמאכט. מיר זיינען אלע געווען נאמענלאז. די מוטערס האבען ארויסגעלאזט קלאגענדיגע אנגסטליכע געשרייען, וועלכע די קינדער האבען גלייך דערקענט. וואלט מיין מוטער דארט געווען און מיך גערופען, וואלט איך דערקענט איהר שטים אפילו צווישען די שטימען פון א טויזענט מוטערס, און פונקט אזוי וואלט זי דערקענט מיין שטים צווישען א טויזענט אנדערע.

דאס דאזיגע איבעררופען זיך האט אנגעהאלטען א געוויסע צייט, זיי זיינען אבער געווען צו־פארזיכטיג, אז זיי זאלען ארויסקומען פון זייערע היילען און זיך ארונטערלאזען אונטען. ענדליך, איז איינער פון זיי ארויסגעקומען. עס איז איהם באשערט געווען צו שפילען א גרויסע ראל אין מיין לעבען. ווי ער האט שוין געהאט געשפילט א גרויסע ראל אין דעם לעבען פון אלע מיטגלידער פון דער הארדע. דאס איז געווען דער, וועמען איך וועל אין דער דאזיגער דערצעהלונג רופען ר ו י ט ־ א ו י ג; איך האב איהם געגעבען אזא נאמען צוליב זיינע אנגעצונדענע אויגען, די לעדלער פון וועלכע זיינען שטענדיג רויט געווען, און צוליב דעם באזונדערען עפעקט וואס זיי האבען געשאפען גלייך, ווי זיי וואלטען געלאזט וויסען וועגען דער שרעקליכער ווילדקייט, וועלכע איז געזעסען אין איהם. דער קאליר פון זיין נשמה איז געווען רויט.

ער איז געווען א מאנסטער אין אלע הינזיכטען. פיזיש איז ער געווען א ריז. ער האט געוואויגען א הונדערט און זיבע־

ציג פונט. ער איז געווען דער גרעסטער פון אונזער מין, וואס איך האב אמאל געזעהען. איך האב אויך קיינמאל נישט באגעגענט אזא גרויסען, ווי ער, נישט צווישען די פ י י ע ר ־ מ ע נ ־ ש ע ן און נישט צווישען די ב ו י ם ־ מ ע נ ש ע ן. אנשטויסענדיג זיך אין די צייטונגען אויף די באשרייבונגען פון אונזערע מאדערנע שלעגער און וועט־קעמפער, טראכט איך אמאל וועגען דעם, וואס פאר א פנים דער בעסטער פון זיי וואלט עס געקאנט האבען קעגען איהם.

איך האב מורא, אז זיי וואלטען נישט געוואלט האבען מיט איהם פיעל צו טון. מיט איין קלעם פון זיינע אייזערנע פינגער און מיט איין ציה וואלט ער געקאנט ארויסרייסען אן ארעם מיט די ווארצלען און אפראמען איהם פון קערפער. מיט איין קלאפ פון זיין שווערען פויסט וואלט ער געקאנט צעשמעטערען זייערע שארבענס, ווי אייער־שאלעכץ. מיט א בריק פון זיינע פיס (אדער הינטערשטע לאפעס) וואלט ער געקאנט ארויסזעצען פון זיי די נעדערים. מיט איין דרעה וואלט ער געקאנט איבערברעכען זייערע העלזער, און איך בין זיכער, אז מיט איין־איינציגען ריס פון זיינע קינבאקען וואלט ער געקאנט ארויסרייסען פון זיי דעם גארגעל און דעם רוקען־זייל צוזאמען.

ער האט געקאנט אין א זיצענדיגער פאזיציע א שפרונג טון אויף צוואנציג פוס הויך. ער איז געווען אפשיילוך האריג. עס איז געווען אונזער שטאלץ נישט צו זיין שטארק האריג. אבער ער איז געווען דורכאויס באדעקט מיט האר, אויף דער אינערליכער טייל פון די ארעמס, פונקט ווי אויף דער אויסערליכער, און אפילו אויף די אויערען. די איינציגע פלעצער פון זיין קערפער, אויף וועלכע עס זיינען נישט געווען קיין האר, זיינען געווען די פלאכען פון זיינע הענט און פיס און אונטער די אויגען. ער איז געווען שרעקליך מיאוס. און זיין ווילד שמשירענדיג מויל און זיין גרויסע אראפהענגענדיגע אונטערשטע ליפ האבען נאר הארמאנירט מיט זיינע שרעקליכע אויגען.

אמ־דאס איז געווען ד ו י ט ־ א ו י ג. ער איז שטילערהייט ארויסגעקראכען פון זיין הייל און האט זיך ארונטערגעלאזט. נישט באמערקענדיג מיך, האט ער גענומען ארומקוקען די געגענד. ער האט זיך איינגעבויגען אין די היפטען בעת׳ן געהן; און אויף אזוי פיעל האט ער זיך אויסגעבויגען פאראויס און אזוי לאנג זיינען געווען זיינע ארעמס, אז ער האט ביי יעדען שריט אנגעריהרט מיט די פינגער פון די הענט די ערד. אין דער דאזיגער האלב־אויפ־געשטעלטער פאזיציע, וועלכע ער האט אנגענומען בעת׳ן געהן, איז ער געווען זעהר אומגעשיקט, און ער האט אנגעריהרט מיט די פינגער די ערד נאר בכדי אנצוהאלטען דאס גלייכגעוויכט. דערפאר אבער איז ער געווען א מזיק אויף לויפען אויף אלע פיער. אין דעם זיינען מיר שוין געווען אומגעשיקט. נאך מעהר, זעלטען ווער צווישען אונז האט בעת׳ן געהן אנגעהאלטען זיין גלייכגעוויכט מיט די פינגער פון די הענט. אזא איינער איז געווען אן אטאווויסטישע ערשיינונג. און דאס איז ד ו י ט ־ א ו י ג טאקע געווען. און נאך מעהר, ווי דאס.

מיר האבען זיך געפונען אין דעם פראצעס פון בייטען אונזער לעבען אויף די בוימער אויף א לעבען אויפ׳ן באדען. מיר זיינען דורכגעגאנגען די דאזיגע ענדערונג אין פארלויף פון פיעל דורות, און אונזערע קערפער און אונזער האלטונג האבען זיך אויך געביטען אין דער דאזיגער ריכטונג. אבער ד ו י ט ־ א ו י ג האט זיך צוריקגעקערט צו דעם פרימיטיווען טיפ פון בוים־איינוואוינער. אזוי ווי ער איז געבוירען געווארען אין אונזער הארדע, איז ער געצוואונגען געווען צו זיין מיט אונז; אבער אין דער אמת׳ען איז ער געווען אן אטאוויסטישע ערשיינונג און זיין פלאץ איז געווען ערגעץ אנדערש.

ווארפענדיג די אויגען אין אלע זייטען, האט ער זעהר פארזיכטיג ארומגעדרעהט זיך איבער דעם אפענעם פלאץ און האט אריינגעדרונגען מיט׳ן בליק צווישען די בוימער, זוכענדיג די חיה,

וועלכע האט, ווי אלע האבען פארדעכטיגט, זיך געיאגט נאך מיר. און בעת ער האט דאס געטון, נישט באמערקענדיג מיך אינגאנצען, האבען די מענשען פון דער הארדע זיך ארומגעשטעלט ביי די עפע־נונגען פון די היילען און האבען צוגעקוקט.

ענדליך, האט ער , ווייזט אויס, באשלאסען, אז קיין שום גע־פאהר לויערט נישט ארום זיי. ער האט זיך צוריקגעקערט פון ראנד פון בארג, פון וואנען ער האט געכאפט א קוק אראפ צו דעם טרונק־פלאץ. דער וועג זיינער האט איהם געבראכט נאהענט פון מיר, אבער ער האט מיך נאך אלץ נישט באמערקט. געהענדיג אזוי ווייטער, האט ער צופעליג זיך צוזאמענגעטראפען זייט־ביי־זייט מיט מיר, און דעמאלט האט ער אהן ווארנונג און מיט אומ־גלויבליכער שנעלקייט דערלאנגט מיר א קנאק איבער'ן קאפ. איך בין צוריקגעשליידערט געווארען אויף גאנצע צוועלף פוס, איידער איך בין אנידערגעפאלען, און איך געדענק, ווי איך האב, א האלב־פארטויבטער פון דעם קלאפ, געהערט דעם ווילדען אויסברוך פון א קוויטשענדיגען געלעכטער, וואס האט זיך אויפגעהויבען פון די היילען. עס איז געווען א פיינער שפאס — יעדענפאלס אין יענעם טאג; און די הארדע האט עס אפגעשאצט מיט'ן פולען הארצען.

אט־אזוי בין איך דאס אויפגענומען געווארען אין דער הארדע. ר ו י ט ־ א ו י ג האט זיך מעהר נישט אומגעקוקט אויף מיר, און איך האב געקאנט בניקען און קרעכצען, וויפיעל נאר מיין הארץ האט געגלוסט. אייניגע פרויען האבען מיט נייגיר זיך פאר־זאמעלט ארום מיר, און איך האב זיי דערקענט. איך האב זיי באגעגענט פאראיארען. ווען מיין מוטער האט מיך מיטגענומען צו די האזעלנוס־טאלען.

אבער זיי האבען מיך באלד געלאזט אליין און זייער פלאץ האבען פארנומען ארום א צוועלף נייגעריגע קינדער, וועלכע הא־בען זיך גענומען רייצען מיט מיר. זיי האבען זיך ארומגעשטעלט ארום מיר אין א קרייז, האבען געטייטעלט אויף מיר מיט די פינ־

נער, געמאכט צורות און מיך געשמאכען און געקנייפט. איך האב זיך דערשראָקען און האב אין אנהויב אלץ איבערגעטראָגען; שפּע־טער אבער בין איך אריין אין רציחה און איך האב זיך א לאָז געטון אויפ׳ן פרעכסטען פון זיי, גרייט צו צערייסען איהם אויף שטיקער. דאָס איז געווען נישט קיין אנדערער, ווי ל א נ ג־א ו י ע ר אליין. איך האב איהם אזוי א נאָמען געגעבען, ווייל ער האט געקאנט אויפשטעלען נאר איינעם פון זיינע אויערען. דער צווייטער אויער איז ביי איהם אראָפּגעהאנגען שוואך און אהן באוועגונג. דורך עפּעס א צופאל זיינען די מוסקולען אפּגעטויט געוואָרען און ער האט מיט זיי מעהר נישט געקאנט זיך באנוצען.

ער האט זיך מיט מיר ארומגעכאַפּט און מיר האבען זיך אריינ־געלאָזט אין א געשלעג, ווי א פּאר קליינע איינגלעך. מיר האבען איינער דעם אנדערען געדראַפּעט, געביסען, געריסען פאר די האָר, געצופּט און אומגעוואלגערט. איך געדענק, אז עס איז מיר גע־לונגען ארונטערצורוקען פון הינטען אָרום מיינע אָרעמס אונטער זיינע פּאכוועס און אנכאַפּען איהם ביים האלז.

דער דאָזיגער אנהאלט האט מיר געגעבען אן אנטשיידענדיגען געווינס איבער איהם. אבער לאנג האב איך דערמיט נישט גע־קאנט זיך פרעהען. ער האט ארויסגעדרעהט א פוס (אדער א הינ־טערשטע לאַפּע) און האט געמאכט מיט איהר אזא ווילדע אטאקע אויף מיין בויך, אז ער האט מיר געקאנט ארויסזועצען די געדערים. איך האב איהם געמוזט אפּלאָזען, כדי זיך צו ראטעווען, און דע־מאלט האבען מיר זיך ווידער אריינגעלאָזט אין א געשלעג.

ל א נ ג־א ו י ע ר איז געווען מיט א יאָהר עלטער פון מיר. אבער איך בין געווען פיעל מאל אויפגעבראַכטער פון איהם, און ער האט צום סוף גענומען מאכען פּליטה. איך האב איהם געטריבען איבער דעם אפּענעם פּלאַץ און ווייטער, אראָפּ־צו צום טייך, דורך איינעם פון די שטעגלעך. אזוי ווי ער האט אבער געהאט א בע־סערע באקענטשאַפט מיט דער געגענד, איז ער געלאָפען הארט

ביים ברעג און איז דורך אַ אנדער שטענגעל אַרויף צוריק אויפ'ן באַרג. ער האָט שרעג דורכגעשניטען דעם אָפענעם פּלאַץ און האָט זיך אריינגעלאָזט אין א הייל מיט א ברייטער עפענונג.

נישט פאַרדעכטיגענדיג קיין זאַך, האָב איך גלייך נאָך איהם זיך אריינגעוואָרפען אין דער פינסטערניש. אין דעם צווייטען מאָמענט האָב איך זיך שטאַרק דערשראָקען. איך בין פאַר דעם נאָך קיינמאָל נישט געווען אין קיין הייל. איך האָב אנגעהויבען כניקען און שרייען. לאַנג־אויער האָט שפּאַטיש געפּלאַ־פּעלט, איז אומבאַמערקט ארויפגעשפּרונגען אויף מיר און מיך אומגעוואָרפען. ער האָט אָבער נישט געוואָגט אריינצולאָזען זיך מיט מיר אין א צווייטען געשלעג און האָט זיך גלייך אָפּגעטראָגען. איך האָב זיך געפונען צווישען איהם און דעם אריינגאַנג און ער איז נישט דורכגעגאַנגען פאַרביי מיר; דאָך האָט עס אויסגעזעהען, ווי ער וואָלט אוועקגעגאַנגען. איך האָב זיך איינגעהערט, אָבער איך האָב נישט געקאָנט געפינען קיין שום שפּור פון איהם. דאָס האָט מיך אריינגעבראַכט אין פאַרווירונג, און ווען איך בין ארויס אין דרויסען, האָב איך זיך אוועקגעזעצט און גענומען אויסוואַרטען.

ער איז נישט ארויסגעגאַנגען דורכ'ן אריינגאַנג, איך בין זיכער געווען אין דעם; און דאָך האָב איך אין עטליכע מינוט ארום דער־הערט הינטער זיך זיין כיכיקען. איך האָב ווידער גענומען לויפען נאָך איהם און ער איז ווידער אריין אין הייל; אָבער איצט האָב איך זיך שוין אָפּגעשטעלט ביי דער עפענונג. איך האָב עטוואָס אָפּגע־טראָטען צוריק און גענומען אויסוואַרטען. ער איז נישט ארויס־געקומען, און דאָך האָב איך, פּונקט ווי פריהער, דערהערט הינטער זיך זיין כיכיקען און איך האָב איהם צום דריטען מאָל אריינגע־טריבען אין הייל אריין.

די דאָזיגע פאַרשטעלונג איז איבערגעחזר'ט געוואָרען עטליכע מאָל. דערנאָך האָב איך געמאַלגט נאָך איהם אין הייל אריין, וואו איך האָב איהם געזוכט און נישט געפונען. איך בין געווען ניי־

נעריג. איך האב נישט געקאנט פארשטעהן, ווי אזוי ער האט זיך דאס פון מיר ארויסגעדרעהט. ער איז יעדעס מאל אריין אין הייל און איז קיין איין מאל פון דארטען נישט ארויסגעקומען, און דאך איז ער אלע מאל צוגעקומען הינטער מיר און האט פון מיר חוזק געמאכט. אויף אזא אופן איז אונזער קאמף פארוואנדעלט געווארען אין א שפיל אין באהעלטעניש.

מיר האבען זיך אזוי געשפילט דעם גאנצען טאג מיט איינציגע צופעליגע הפסקות, ביז וואנען עס האט זיך ביי אונז געשאפען א שפילעוודיגע און פריינדליכע שטימונג. צום סוף איז ער מעהר שוין פון מיר נישט אנטלאפען און מיר זיינען ביידע געזעסען, ארומנעמענדיג איינער דעם אנדערען. שפעטער האט ער אויפגעדעקט פאר מיר די געהיימעניש פון דער הייל מיט דער ברייטער עפענונג. האלטענדיג מיך פאר דער האנט, האט ער מיך אריינגעפיהרט אינעווייניג. די הייל איז דורך א שמאלען דורכגאנג געווען פארבונדען מיט אן אנדער הייל, וועלכע האט אונז ארויסגעפיהרט צוריק אין דרויסען.

מיר זיינען איצט געווען גוטע פריינד. ווען דאס יונגווארג האט זיך ארומגעקליבען ארום מיר צו רייצען זיך מיט מיר, האט ער מיר געהאלפען אנצופאלען אויף זיי; און מיר האבען ביידע געארבייט מיט אזא ווילדער רציחה, אז מען האט מיך איינגיבען געלאזט צורוה. ל א נ ג ־ א ו י ע ר האט מיך באקענט געמאכט מיט'ן דארף. ער האט מיר זעהר וועניג געקאנט דערצעהלען וועגען די לעבענס־באדינגונגען און די מנהגים — ער האט נישט געהאט פאר דעם די נויטיגע ווערטער; איך האב אבער פיעל ערפארען, באאבאכטענדיג זיינע האנדלונגען, און ער האט מיר אויך געוויזען אלערליי פלעצער און זאכען.

ער האט מיך מיטגענומען צו דעם אפענעם פלאץ, צווישען די היילען און דעם טייך, און אויך אין וואלד אריין, וואו מיר האבען אויפ'ן גראז צווישען די בוימער געמאכט פאר זיך א מאלצייט

פון מער־ריבען מיט אדערדיגע ווארצלען. נאך דעם האבען מיר זיך גוט אנגעטרונקען ביים טייך מיט וואסער און האבען זיך אויפ־געהויבען מיט'ן שטעגעל ארויף צו די היילען.

אויף דעם דאזיגען שטעגעל האבען מיר זיך ווידער צוזאמענ־געטראפען מיט ר ו י ט ־א ו י ג. איך האב קודם כל באמערקט, אז ל א נ ג ־ א ו י ע ר האט זיך אוועקגעשארט אן א זייט פון בארג און האט זיך נידעריג אראפגעבויגען. איך האב נאטירליך און נישט ווילענדיג איהם נאכגעטון. אין דעמאלט האב איך א קוק געטון צו זעהן די אורזאך פון זיין מורא. דאס איז געווען ר ו י ט־א ו י ג, וועלכער האט זיך אראפגעלאזט איבער'ן שטעגעל מיט אן אויפגעריסענעם גאנג און מיט א בייז־אנגעכמורעטען בליק פון זיינע אנגעצונדענע אויגען. איך האב באמערקט, אז אלע קינדער האבען זיך פון איהם אוועקגעשארט פונקט, ווי מיר האבען עס געטון, בעת די יערוואקסענע האבען איהם באטראכט מיט פאר־זיכטיגע אויגען, וועו ער איז צוגעקומען גאהענט פון זיי, און האבען איהם אפגעטראטען דעם וועג.

ווען דער אווענט האט אנגעהויבען צופאלען, איז דער אפער־נער פלאץ פוסט געווארען. די הארדע האט זיך באהאלטען אין די היילען. ל א נ ג ־ א ו י ע ר האט מיך געפיהרט אויף נאכט־לעגער. מיר האבען ארויפגעקלעטערט אויפ'ן הויכען ברעג, העכער פון אלע איבעריגע היילען, צו א קליינעם שפאלט, וועלכען מען האט פון דער ערד נישט געקאנט אנזעהן. ל א נ ג ־ א ו י ע ר האט זיך אהין אריינגעשפארט. איך האב מיט שוועריגקייט נאכ־געפאלגט, אזוי שמאל איז געווען דער אריינגאנג, — און האב זיך געפונען אין א קליינעם פעלזען־קעמערל. עס איז געווען זעהר

רעדינ — נישט מעהר, ווי א פאר פוס די הויך, און אפשר דריי פוס איבער פיער אין דער ברייט און אין דער לענג. טוליענדינ זיך און ארומנעמענדינ איינס ס'אנדערע, זיינען מיר דא דורכגע־שלאפען די נאכט.

## זעקסטער קאפיטעל

בעת די מעהר געוואגטע צווישען דער יונגווארג האבען זיך געשפילט, לויפענדיג אריין און ארוים דורך די היילען מיט די ברייטע עפענונגען, האב איך זיך דערוואוסט, אז אזעלכע היילען זיינען נישט געווען פארנומען. קיינער איז אין זיי ביינאכט נישט געשלאפען. דערויף זיינען באנוצט געווארען נאר היילען מיט שמאלע עפענונגען, און וואס שמעלער די עפענונגען, אלץ בעסער. דאס איז געווען צוליב דער מורא פאר די רויב־חיות, וועלכע האבען אין יענע טעג און נעכט געמאכט דאס לעבען פאר אונז פאר א לאסט.

אין דעם ערשטען פריהמארגען. נאכדעם, ווי איך בין אפגעשלאפען א נאכט מיט ל א נ ג ־ א ו י ע ר, האב איך זיך דערוואוסט וועגען דער מעלה פון די היילען מיט די שמאלע עפענונגען. עס איז נאר וואס טאג געווארען, ווען דער אלטער ש ו ו ע ר ד־צ א ה ן, דער טיגער, איז אנגעקומען אין דעם אפענעם פלאץ. צוויי מענשען פון דער הארדע זיינען שוין געווען אויפגעשטאנען. זיי זיינען פון איהם אנטלאפען. צי זיי האבען זיך שטארק דערשראקען, אדער דער טיגער איז געווען צו נאהענט פון זיי, אז זיי זאלען פארזוכען ארויפצוקלעטערען אויפ'ן בארג, צו די שפאלטען פון די היילען. ווייס איך נישט; יעדענפאלס זיינען זיי אריינגעלאפען אין דער הייל מיט דער ברייטער עפענונג, וואו איך מיט ל א נ ג ־ א ו י ע ר האבען זיך מיט א טאג פריהער געשפילט.

מען קאן נישט וויסען, וואס עס איז פארגעקומען אינעווייניג.

מען קאן זיך אבער גאנץ גוט אנשטויסען, אז די צוויי פון דער הארדע האבען דורכ'ן שפאלט, וואס פארבינדט די צוויי היילען זיך דורכגעשפארט אין דער צווייטער הייל אריין. דער דאזיגער שפאלט איז געווען צו־קליין, אז שוועדר־צאהן זאל קאנען דורך איהם דורכגעהן. און ער איז ארויסגעקומען דורך דעם זעלביגען וועג, דורך וועלכען ער איז אהין אריינגעגאנגען, א נישט־באפרידיגטער און אן אויפגערייצטער. עס איז קלאר געווען, אז זיין ביינאכטיג געיעג איז געווען אהן ערפאלג און אז ער האט זיך געריכט צו מאכען פון אונז א מאלצייט. ער האט דערזעהען די צוויי מענשען ביי דער צווייטער עפענונג פון הייל און האט א שפרונג געטון צו זיי. נאטירליך, האבען זיי זיך א לאז געטון דורכ'ן דורכגאנג אין דער ערשטער הייל אריין. ער איז פון דאר־טען ארויס מיט א געברום און נאך אויפגערייצטער, ווי פריהער.

א שרעקליכע מהומה האט אויסגעבראכען צווישען אונז. מיר האבען זיך צוזאמענגעדרענגט אויבען און אונטען איבער דעם הויכען בארגיגען ברעג ביי אלע שפאלטען פון די היילען און ביי די אויסערליכע אפשטאנדען. האבען אלע געפילדערט און גע־קוויטשעט אין א ווילדען כאר, קרימענדיג דערביי בייז אונזערע פנים'ער. דאס איז ביי אונז געווען אן אינסטינקט אזא. מיר זיינען געווען אזוי אויפגערייצט, ווי שוועדר־צאהן, כאטש אונזער צארן איז געווען געמישט מיט מורא. איך געדענק, אז איך האב געקוויטשעט און געקרימט דעם פנים, ווי די בעסטע פון זיי. נישט נאר האבען זיי מיר געגעבען א ביישפיל, נאר איך האב אויך געפיהלט אן אינערליכען דראנג צו טון די זעלביגע זא־כען, וואס זיי. מיינע האר האבען זיך אויפגעשטעלט קאפויר און איך בין דורכגענומען געווארען מיט א ווילדען און בלינדען צארן.

שוועדר־צאהן איז פיעל מאל אזוי ארומגעלאפען, פון איין הייל ארוים און אין דער אנדערער אריין. אבער די צוויי מענשען האבען זיך דורכגעשפארט הין און צוריק דורך דעם שפאלט צווישען די צוויי היילען און האבען זיך אויך אזא אופן ארויס־

געדרעהט פון איהם. אין דער זעלבינער צייט זיינען מיר אלע אין דער הויך אויפ'ן בערג צונעטראָטען צו דער ארבייט. יעדעס מאָל, ווען ער איז ארויס פון דער הייל, האָבען מיר איהם באהאָ־געלט מיט שטיינער. אין אנהויב האָבען מיר זיי נאָר אראָפגעוואָר־פען אויף איהם, אָבער איינגיכען האָבען מיר מיט דער פאָרגרע־סערטער קראַפט פון אונזערע מוסקולען גענומען זיי האַסטיג אראָפ־שליידערען.

דאָס דאָזיגע באָמבאַרדירען האָט געצווינגען צו אונז שווערד־צאָהנ'ס אויפמערקזאמקייט און האָט איהם נאָך מעהר אויפ־געררייצט. ער האָט אויפגעהערט ווייטער צו פאַרפאָלגען די צוויי מענשען און האָט זיך אַ לאָז געטהון צו אונז אויף דעם באַרגיגען ברעג, ברומענדיג און דראָפּענדיג זיך מיט די קרעלען איבער דעם אָפּפאַלענדיגען פעלז. ביים דאָזיגען שרעקליכען בילד האָבען מיר אלע ביז'ן לעצטען זיך באהאַלטען אין די היילען. איך ווייס דאָס, ווייל איך האָב ארויסגעקוקט פון הייל און האָב געזעהען, אז דער נאַנצער באַרג איז אָפּגעלעדיגט געוואָרען, און נאָר שווערד־צאָהן, פאַרלירענדיג דעם באָדען, האָט זיך געגליטשט און איז געפאַלען אראָפּ.

איך האָב ארויסגעלאָזט אַ געשריי פון אויפמונטערונג און דער באַרג איז ווידער פול געוואָרען מיט דער שרייענדיגער האָרדע און די שטיינער זיינען געפאַלען נאָך האַסטיגער, ווי פריהער. שווערד־צאָהן איז געוועזען אויפגעקאָכט פון ווילדען צאָרן. ער האָט נאָכאַמאָל און ווידעראַמאָל זיך געלאָזט ארויף אויפ'ן באַרג. איינמאָל האָט ער שוין אפילו דערגרייכט די ערשטע היילען, איי־דער ער איז צוריקגעפאַלען, ער האָט אָבער נישט געקאָנט אריינ־שפּאַרען זיך אינעווענינג. יעדעס מאָל, ווען ער האָט זיך אַ וואָרף געטהון ארויף צו אונז, האָבען מיר אויפגעשווידערט פון שרעק. די מעהרסטע פון אונז זיינען אין אנהויב אריינגעלאָפען אין די היי־לען; אייניגע זיינען אָבער געבליבען דרויסען צו באוואַרפען איהם

מיט שטיינער, און באלד זיינען מיר שוין אלע נעבליבען דרויסען און האבען זיך באטייליגט אין דער שיסעריי.

נאך קיינמאל איז אזא גרויסארטיג באשעפעניש נישט גע־מאכט געווארען אזוי צום נאר. עס האט שרעקליך געטראפען זיין שטאלץ, וואס אזעלכע קליינע און שוואכע נפשות האבען איהם איבערגעכיטרעוועט. ער איז געשטאנען אונטען און געקוקט ארויף צו אונז, ברומענדיג, ווארפענדיג מיט'ן עק און קנאקענדיג מיט די צייהן, ווען די שטיינער זיינען געפאלען לעבען איהם. איינמאל האב איך ארפגעשליידערט א שטיין פונקט אין דעם מאמענט, ווען ער האט ארויפגעקוקט צו אונז. דער שטיין האט איהם גע־טראפען אין שפיץ נאז און ער איז געפלויגען מיט אלע פיער לאַ־פעס ארויף, ברילענדיג און קוויטשענדיג פון וועהטאג און אי־בערראשונג.

ער איז געווען באזיגט און ער האט עס געוואוסט. אננע־מענדיג צוריק זיין ווירדיגע האלטונג, איז ער מיט א שטאלצען גאנג אפגעטראטען פון אונטער דעם האגעל פון שטיינער. ער האט זיך אפגעשטעלט אין דער מיט פון דעם אפענעם פלאץ און האט פארבענקט און הונגעריג זיך אומגעקוקט אויף אונז. עס איז איהם שווער געווען אויפצוגעבען דעם מאלציים, און מיר אלע האבען דאך מיט זיך פארגעשטעלט פאר איהם אזוי פיעל פלייש, וואס איז אט געווען ארייננעשפארט אין א ווינקעל און דאך אוממעגליך צו דערגרייכען. דאס האט אונז גערייצט צו לאכען. מיר האבען אלע געלאכט שפאטיש און הויך אויפ'ן קול. חיות פאר־טראגען נישט, ווען מען מאכט פון זיי חוזק. דאס אפלאכען פון זיי ברייננט זיי ארייז אין צארן. און אויף אזא אופן האט אונזער געלעכטער אנגעגריפען שוועררד־צאהן. ער האט זיך צו־ריקגעקערט מיט א געבריל און האט זיך ווידער א לאז געטון ארויף אויפ'ן בארג. אט־דאס האבען מיר טאקע געוואלט. דער קאמף איז פארוואנדעלט געווארען אין א שפיל און מיר האבען געהאט גרויס פארגעניגען צו באהאנלען איהם מיט שטיינער.

אבער די דאזיגע אטאקע האט לאנג נישט אנגעהאלטען. ער איז שנעל געקומען צום שכל און אחוץ דעם האבען איהם אונזערע שטיינער טאקע א רעכט ביסעל וועה געטון. איך שטעל זיך איצט גאנץ לעבעדיג פאר, ווי איין אויג איז ביי איהם געווען אויפ־געלאפען און כמעט אינגאנצען צוגעמאכט פון א שטיין, וואס מיר האבען אויף איהם געווארפען. און איך געדענק אויך גאנץ קלאר, ווי ער איז געשטאנען אויפ'ן ראנד פון וואלד, וואוהין ער האט ענדליך זיך צוריקגעצויגען. ווען ער האט זיך אומגעקוקט אויף אונז, זיינען זיינע אויסגעקרימטע ליפען געווען פאררויסען אריבער די סאמע ווארצלען פון זיינע גרויסע פאנג־צייהן; די האר זיינע זיינען געווען אויפגעשטעלט, און ער האט די גאנצע צייט גע־דרעהט מיט'ן עק. ער האט געגעבען דעם לעצטען ברום און איז פארשוואונדען געווארען צווישען די בוימער.

און ד[illegible]אלט האט זיך דאס צווישען אונז אויפגעהויבען א געפילדער. מיר האבען זיך ארויסגעשאטען פון אונזערע לעכער, באטראכטענדיג די צייכענס, וואס זיינע קרעלען האבען איבערגע־לאזט אויף דעם בארג, און האבען גערעדט אלע אויף אמאל. איי־נער פון די צוויי, וועלכע זיינען געכאפט געווארען אין דער טא־פעלטער הייל, איז געווען האלב־קינד און האלב־אינגעל. זיי זיי־נען ביידע מיט שטאלץ ארויסגעקומען פון זייער באהעלטעניש. מיר האבען זיי ארומגערינגעלט און געקוקט אויף זיי מיט באוואונ־דערונג. די מוטער פון דעם יונגען בחור'ל האט זיך דעמאלט דורכגעבראכען דורך אונז און האט זיך מיט א שרעקליכער רציחה ארויפגעווארפען אויף איהם, שמייסענדיג איהם איבער די אויערען, רייסענדיג איהם פאר די האר און קוויטשענדיג, ווי א טייוועל. זי איז געווען א גרויסע הויך־געוואקסענע פרוי און די קלעפ, וואס זי האט אין איהם אריינגעלייגט, האבען דער הארדע פארשאפט פארגעניגען. מיר האבען געהירזשעט, האלטענדיג זיך איינס לע־בען די אנדערע, אדער קייקלענדיג זיך אויף דער ערד פאר שמחה. נישט געקוקט אויף דער חערשאפט פון שרעק, אונטער ווע[illegible]

בער מיר האבען געלעבט, זיינען מיר אלע מאל געווען גרויסע לאבער. מיר האבען געהאט א חוש צו הומאר. אונזער לוסטיג־קייט איז געווען א גארגאנטואנישע*). מיר האבען זיך דערפון קיינמאל נישט צוריקגעהאלטען. מיר האבען קיינמאל נישט גע־לאכט מיט א שטילען געלעכטער. ווען א זאך איז געווען לעבער־ליך, האבען מיר עס אפגעשאצט ווי עס באדארף צו זיין, און די פשוט'סטע זאכען זיינען פאר אונז געווען לעבערליך. א, איך פאר־זיכער אייך, מיר זיינען געווען גאנץ נישקשה'דיגע לאבער.

אויף דעם זעלבינגען אופן, ווי מיר האבען באהאנדעלט ש ו ו ע ר ד ־ צ א ה ן, פלעגען מיר באהאנדלען אלע חיות, וועלכע זיינען אריינגעדרונגען אין אונזער דארף. מיר האבען אפגעהיט אונזערע שטעגלעך און טרונק־פלעצער פאר זיך אליין, דערגעהענדיג די יאהר די אלע חיות, וועלכע האבען אמאל ארויפגעטראטען אדער פארבלאנדזשעט אויף אונזער טעריטאריע. אפילו די ווילדסטע פארצוקערם האבען מיר אזוי אויסגעמאטערט, אז זיי האבען זיך אויסגעלערנט צו לאזען אונזערע פלעצער צורוה. מיר זיינען נישט געווען קיין קעמפער, ווי זיי; מיר זיינען געווען ליסטיג און שרעק־עדיג און טאקע נאר א דאנק דעם און אויך א דאנק אונזער אויסערגעוועהנליכער איינגעשאפט מורא צו האבען, האבען מיר עס געקאנט לעבען אין דער דאזיגער שרעקליכער סביבה פון דער א י נ ג ע ר ע ר  ו ו ע ל ט.

ל א נ ג ־ א ו י ע ר, ביז איך זיך משער, איז געווען מיט א יאהר עלטער פון מיר. ווענען זיין פארגאנגענהייט האט ער נישט געהאט קיין שום מעגליכקייט מיר צו דערצעהלען; אבער אזוי ווי איך האב קיינמאל נישט באגעגענט זיין מוטער, האב איך איהם גע־האלטען פאר א יתום. נאך אלעמען זיינען די פאטערס גארנישט

*) „גארגאנטוא" — דער העלד פון ראבלע'ס סאטירע, א ריז, וועלכער האט געקאנט אויסטרינקען א גאנצען טייך. — איבערז.

געווען וויכטיג אין אונזער חארדע. די חייראט איז נאך געווען אין א רויען צושטאנד, און די פארלעך פלעגען זיך צווישען ויך קריגען און צעשיידען. דער מאדערנער מענש מיט זיין גט־אינ־סטיטוציע טוט דאס זעלבינע אויף א געזעצליכען אופן. אבער מיר האבען נישט געהאט קיין שום געזעצען. מיר האבען געהאל־טען פון מנהגים, און אין באצוג צו הייראט איז דער מנהג אונגע־פעהר באשטאנען אין געמישטען פארקער.

פונדעסטוועגען האבען מיר, ווי איהר וועט זעהן ווייטער פון דער דאזיגער דערצעהלונג, שוין ארויסגעוויזען שוואכע סימנים פון מאנאגאמיע, וועלכע האט שפעטער געשטארקט און געקרעפטיגט די שטאמען, וואס האבען זי אנגענומען. נאך מעהר, אפילו אין דער צייט, ווען איך בין געבוירען געווארען, זיינען שוין געווען איינינע געטרייע פארלעך, וועלכע האבען געלעבט אויף די בוימער אין שכנות מיט מיין מוטער. דאס לעבען צווישען דער הארדע איז נישט געווען גינציג פאר מאנאגאמיע. און דאס איז זיכער געווען די אורזאך, ווארום די געטרייע פארלעך זיינען אוועק און האבען געלעבט פאר זיך אליין. די דאזיגע פארלעך האבען געלעבט צוזא־מען אין פארלויף פון פיעל יאהרען, כאטש ווען דער מאן אדער די פרוי איז געשטארבען אדער אויפגעפרעסען געווארען, האט זי אדער ער, וואס איז געבליבען לעבען, זיך שטענדיג געפונען א נייעם חבר.

עס איז געווען איין זאך, וואס איז מיר שטארק קשה געווען אין פארלויף פון די ערשטע טעג פון מיין לעבען אין דער חארדע. יעדער איינער אין דער הארדע איז באהערשט געווען פון עפעס אן אומבאשטימטער שרעק. עס איז גלייך געווען צו מערקען, אז די דאזיגע שרעק איז אינגאנצען געווען פארבונדען מיט ריכטונג. די הארדע האט זיך געשראקען פאר צפון־מזרח. זי האט געלעבט אין שטענדיגען פחד פאר דעם דאזיגען פערטעל פון דעם קאמפאס. און יעדער איינער האט געקוקט אפטער און מיט מעהר אומרוהיג־קייט אין יענער ריכטונג, ווי אין וועלכער־נישט־איז אנדערער.

ווען איך בין צוזאמען מיט ל א נ ג - א ו י ע ר געגאנגען אין דער ריכטונג פון צפון־מזרח צו עסען די דין־ווארצעלדיגע מער־ריבען, וועלכע זיינען אין יענער צייט פון יאהר געווען זעהר פיעל, איז ער געווארען אויסערגעוועהנליך שרעקעוודיג. ער איז געווען בעסער צופרידען צו עסען די רעשטלעך, די גרויסע הארטע און די קליינע קלעפּעדיגע מער־ריבען איידער צו ריזיקירען צו געהן עטוואס ווייטער, וואו די מערען זיינען נאך נישט געווען באריהרט. ווען איך בין אבער אהין יא געגאנגען, האט ער מיך געשימפּט און זיך געקריעגט מיט מיר. ער האט מיר געגעבען צו פארשטעהן, אז אין יענער ריכטונג איז געווען עפּעס א שרעקליכע סכנה, ער האט אבער צוליב דער ארימקייט פון שפּראך מיר נישט געקאנט זאגען, אין וואס די דאזיגע סכנה איז באשטאנען.

איך האב דערוויילע געקראגען א גאנץ גוטען מאלציים, בעת ער האט אומזיסט מיך געזידעלט און געפּלוידערט צו מיר. איך האב גארנישט נעקאנט פארשטעהן. איך בין געווען זעהר פארזיכטיג, איך האב אבער נישט געזעהען קיין שום געפאר. איך האב אלע מאל אויסגערעכענט די דיסטאנץ צווישען מיר און דעם נאהענט־סטען בוים, און איך האב געוואוסט, אז אויב דער ב ר ו י ז - ר ו י ט ע ר (דער לייב) אדער דער אלטער ש ו ו ע ר ד - צ א ה ן זאל פּלוצלינג ערשיינען, וועל איך שנעלער פון זיי קאנען צוקומען צו דעם דאזיגען שוץ־ארט.

איינמאל, אין מיטען בייטאג, האט זיך איבער'ן דארף אויפ־געהויבען א גרויסער טומעל. די הארדע איז דורכגענומען גע־ווארען מיט איין־איינציגען געפיהל, מיט'ן געפיהל פון שרעק. דער בארגיגער ברעג האט געשווייבעלט מיט מענשען, וועלכע האבען אלע געקוקט און געטייטעלט צו דער ריכטונג פון צפון־מזרח. איך האב נישט געוואוסט, וואס עס איז דארט אזוינס געווען, איך האב אבער פריהער ארויפגעקלעטערט ארויף צו דער זיכערקייט פון מיין איי־גענער הויכער הייל, איידער איך האב זיך אומגעקוקט.

און דעמאָלט האָב איך אַריבער דעם טייך, ווייט אין צפון־מזרח־זייט, דערזעהען צום ערשטען מאָל די מיסטעריע פון רויך. דאָס איז געווען די גרעסטע חיה, וואָס איך האָב ווען־נישט־איז געזעהען. איך האָב גערעכענט, אַז עס איז געווען אַ מאַנסטער־שלאַנג, וואָס האָט זיך אויסגעשטרעקט אַרויף, דערלאַנגענדיג מיט'ן קאָפּ אַריבער די בוימער און וויגענדיג זיך הין און צוריק. און דאָך האָב איך פון דער אויפפיהרונג פון דער האָרדע זיך ווי־נישט־איז געקאָנט אַנשטויסען, אַז דער רויך אַליין איז נאָך נישט געווען די געפאַר. זיי האָבען אויסגעזעהען מורא צו האָבען פאַר'ן רויך, ווי פאַר אַ סימן פון עפּעס אַנדערש. וואָס דאָס דאָזיגע „ע פּ ע ס אַ נ ד ע ר ש" איז געווען, האָב איך נישט געקאָנט טרעפען. און זיי האָבען מיר דאָס נישט געקאָנט זאָגען. עס איז מיר אָבער אײַנ־גיכען אויסגעקומען צו דערוויסען זיך, אַז דאָס איז געווען נאָך אַ שרעקליכערע זאַך, ווי דער ב ר ו י ן ־ ר ו י ט ע ר (דער לייב), ווי דער אַלטער ש ו ו ע ר ד ־ צ אַ ה ן, ווי די שלאַנגען אַליין; עס האָט זיך גערדאַכט, אַז עס קאָן גאָר קיין שרעקליכערע זאַך נישט זיין.

## זיבעטער קאפיטעל

ק ר ו ם ־ צ א ה ן איז געווען נאך א יונגלינג, וואס האט געלעבט אליין פאר זיך. זיין מוטער האט געלעבט אין די היילען, אבער ווען עס זיינען נאך איהם געקומען אויף דער וועלט נאך צוויי קינדער, האט זי איהם דורכגעטריבען צו זארגען זיך פאר זיך אליין. מיר האבען אין פארלויף פון איניגע טעג צוגעזעהען דאס דאזיגע בילד און עס האט אונז פארשאפט נישט קיין קליין ביסעל פארגעניגען. ק ר ו ם ־צ א ה ן האט נישט געוואלט אוועקגעהן, און יעדעס מאל, ווען זיין מוטער האט פארלאזען די הייל, האט ער זיך אהין צוריק אריינגעגנב'עט. ווען זי האט זיך צוריקגעקערט און האט איהם דארטען געטראפען, איז געווען אן אמת'ער פארגעניגען צו זעהן איהר צארן. א העלפט פון דער הארדע האט זיך פארגענומען ארויסצוקוקען אויף די דאזיגע מינוטען. צוערשט האט זיך פון דער הייל ארויס דערהערט איהר שימפעריי און געשרייען. דערנאך האבען מיר געקאנט הערען א הילכען פון קלעפ און די געוואלדען פון ק ר ו ם ־ צ א ה ן. שפעטער זיינען די איינגע־ע קינדער אויך צוגעשטאנען. און ענדליך איז ק ר ו ם ־ צ א ח ן ארויסגעפלויגען פ:ן דארטען, ווי אן אויסברוך פון א קליינטשינקען װאולקאן.

צום סוף פון עטליכע טעג איז זיין פארלאזען די היים געווען א געשעהענע זאך. ער האט וועניגסטענס א האלבע שטונדע געקלאגט אויף זיין אומגליק און דער מיט פון דעם אפענעם פלאץ. אבער קיינער האט זיך אויף איהם נישט אומגעקוקט; דערנאך איז

ער געקומען צו לעבען מיט מיר און ל א נ ג ־ א ו י ע ר. אונזער הייל איז געווען א קליינע, אבער מיר האבען, צוזאמענקוועטשענדיג זיך, געקאנט ווי־נישט־איז געפינען פלאץ פאר דרייען. איך האב נישט קיין ערינערונג וועגען ק ר ו ם ־ צ א ה ן, אז ער זאל האבען פארבראכט מיט אונז מעהר, ווי איין נאכט, און דער צופאל האט דעריבער געמוזט גלייך פאסירען.

דאס איז געווען אין מיטען בייטאג. מיר האבען אין פריהמארגען זיך אנגעגעסען צו דער זאט מיט מער־דיבען און, פארגעסענדיג זיך אין שפיל, ארויפגעלאזט זיך אויף די בוימער, וועלכע האבען זיך געפונען אויף יענעם פלאץ. איך קאן נישט פארשטעהן, ווי אזוי ל א נ ג ־ א ו י ע ר האט געקאנט בייקומען זיין געוועהנליכע פארזיכט, סיידען נאר ער האט געמוזט פון דעם שפיל זיך פארגעסען. מיר האבען זיך שטארק צעהוליעט אויף די בוימער, שפילענדיג אין צעק־שפיל. דאס איז שוין איינמאל געווען א שפיל! א שפרונג צו טון אויף צעהן אדער פופצעהן פוס איז ביי אונז געווען א געוועהנליכע זאך. און אראפלאזען זיך גאנץ רוהיג אויף דער ערד פון צוואנציג אדער פינף־און־צוואנציג פוס הויך איז ביי אונז געווען א גארנישט. איך האב, ווירקליך, כמעט מורא צו זאגען, אויף וועלכע גרויסע דיסטאנצען מיר האבען זיך אראפגעלאזט. ווען מיר זיינען געווארען עלטער און שווערער, האבען מיר אויסגעפונען, אז מיר מוזען זיין פארזיכטיגער אין אראפלאזען זיך אויף דער ערד, אבער אין יענעם עלטער זיינען אונזערע קערפער געווען פלינק און בויגזאם און עס איז גאר קיין זאך נישט געווען, וואס מיר זאלען נישט קאנען טון.

ק ר ו ם ־צ א ה ן האט ארויסגעוויזען אין דעם שפיל א מערקווירדיגע פלינקייט. ער איז געכאפט געווארען זעלטענער פון אונזביידען, און אין לויף פון שפיל האט ער אנטדעקט א מין שווערען שפרונג, וואס ניט ל א נ ג ־ או י ע ר און ניט איך האבען איהם געקאנט נאכטון. אין דער אמת'ען גערעדט, האבען מיר גאר מורא געהאט צו פרואווען איהם נאכצוטון.

ווען עס איז געקומען אונזער רייה צו כאפען ק ר ו ם־צ א ה ן, איז ער אלע מאל ארויפגעלאפען ביז׳ן סאמע עק פון א הויכען צווייג אויף א געוויסען בוים. פון דעם עק פון צווייג ביז דער ערד האט געמוזט זיין א זיבעציג פוס, און קיין זאך איז נישט געווען אין דער מיט, וואס זאל אפשוואכען דעם פאל. אבער ארום צוואנציג פוס נידעריגער און גאנצע פופצען פוס ארום פון דעם פערפענדיקולאר האט זיך געפונען א דיקער צווייג פון אן אנדער בוים.

ווען מיר זיינען ארויפגעלאפען אויפ׳ן צווייג, האט ק ר ו ם־צ א ה ן, שטעהענדיג אנטקעגען אונז, אנגעהויבען זיך הוידען, טרייסלענדיג דעם בוים; דאס האט, נאטירליך, געשטערט אונזער פארטשריט; אבער ער האט מיט זיין וויגען זיך איינזינגען געהאט עטוואס מעהר, ווי דאס. ער האט זיך געוויגט מיט דער פלייצע, צוגרייטענדיג זיך צו טון א שפרונג. פונקט דעמאלט, ווען מיר האבען שוין געזאלט צוקומען צו איהם, האט ער זיך א לאז געטון. דער צעוויינטער צווייג איז געווען טאקע נאר, ווי א שפרונג־ברעט. ער האט איהם געגעבען א ווארף ווייט־אוועק, אויף צוריק. און בעת ער איז געפאלען, האט ער אין דער לופטען זיך געגעבען א דרעה אויף א זייט צו טרעפען דעם אנדערען צווייג, אויף וועלכען ער איז אראפגעפאלען. דער דאזיגער צווייג האט זיך פונ׳ם שטויס שטארק אראפגעבויגען און צייטענווייז האט זיך דערהערט א קראַכען; ער האט זיך אבער קיינמאל נישט איינגעבראכען, און פון צווישען די בלעטער האט זיך אלע מאל געזעהען דאס געזיכט פון ק ר ו ם־צ א ה ן, בעת ער האט מיט נצחון געשטשירעט די צייהן קוקענדיג ארויף צו אונז.

דאס לעצטע מאל, ווען ק ר ו ם־צ א ה ן האט געוואלט טון דעם דאזיגען שפרונג, האב איך עס איהם נעדארפט כאפען. ער האט דערגרייכט דעם עק פון צווייג און האט אנגעהויבען זיך וויגען בעת איך האב געקלעטערט ארויף, יאגענדיג זיך נאך איהם; און

פּלוצלינג האָבען מיר דערהערט אַ שטילען וואָרנונג־געשריי פון לאַנג־אויער. איך האָב אַ קוק געטון אַראָפּ־צו און האָב איהם דערזעהען אין דעם הויפּט־אָפּצווייג פון בוים, צונויפגעקאָרטשעט האַרט ביים שטאַם. איך האָב אינסטינקטיוו זיך אויך איינגעבויגען אויפ'ן דיקען צווייג. קרום־צאָהן האָט אויפגעהערט צו וויגען זיך, אָבער דער צווייג האָט זיך נישט אָפּגעשטעלט און זיין קערפּער האָט זיך ווייטער געוויגט אַרויף און אַראָפּ צוזאַמען מיט די שאָרכענדיגע בלעטער.

איך האָב דערהערט דאָס קראַכען פון אַ טרוקענעם צווייגעל און האָב, אַראָפּקוקענדיג אַראָפּ, דערזעהען צום ערשטען מאָל אַ פייער־מענש. ער איז געקראָכען שטילערהייט איבער דער ערד און האָט געקוקט אַרויף צום בוים. צוערשט האָב איך געמיינט, אַז דאָס איז געווען אַ ווילדע חיה, ווייל ער האָט געטראָגען אַרום די לענדען און איבער די אַקסלען אַ שטיק רויע בערען־פעל. דערנאָך האָב איך דערזעהען זיינע הענט און פיס, און נאָך דייטליכער זיינע שטריכען. ער איז זעהר שטאַרק עהנליך געווען צו איינעם פון מיין מין, אַ חוץ דעם, וואָס ער איז געווען נישט אַזוי פיעל בעוואַקסען מיט האָר, ווי מיר, און וואָס זיינע פיס זיינען געווען וועניגער עהנליך צו הענט, ווי אונזערע. ווירקליך, ער און זיין פאָלק, ווי איך האָב זיך שפּעטער דערוואוסט, זיינען געווען וועניגער האָריג, ווי מיר, כאָטש מיר, פון אונזער זייט, זיינען פונקט אַזוי געווען וועניגער האָריג, ווי דאָס בוים־פאָלק.

אין דער זעלביגער רגע, ווען איך האָב אויף איהם אַ קוק געטון, איז מיר איינגעפאַלען, אַז דאָס איז געווען די שרעק פון צפון־מזרח, פון וועלכער די מיסטעריע פון רויך איז געווען אַ צייכען. דאָך איז מיר די זאַך געווען נישט־קלאָר. עס איז זיכער נישט געווען וואָס מורא צו האָבען פאַר איהם. רויט־אויג, אָדער ווער־נישט איז פון אונזערע שטאַרקע מענער, וואָלט מעהר, ווי געקאָנט מיט איהם זיך פערמעסטען. ער איז נאָך דערצו געווען

אלט, איינגעשרומפען און די האר אויף זיין פנים זיינען געווען גרוי. ער האט אויך שטארק אונטערגעהונקען אויף א פוס. עס איז געווען אויסער יעדען צווייפעל, אז מיר וואלטען איהם געקאנט איבערשטייגען סיי אין לויפען און סיי אין קלעטערען. עס איז געווען א זיכערע זאך, אז ער וואלט אונז קיינמאל נישט געקאנט כאפען.

ער האט אבער געטראגען אין זיין האנט עטוואס אזוינס, וואס איך האב פריהער נאך קיינמאל נישט געזעהען. דאס איז געווען א פיילענבויגען. אבער אין יענער צייט האט דאס נישט געהאט פאר מיר קיין שום באדייט. ווי אזוי זאל איך געווען ווי־סען, אז אין דעם דאזיגען אויסגעבויגענעם שטיקעל האלץ האט געלויערט דער טויט? אבער ל א נ ג ־ א ו י ע ר האט דאס גע־וואוסט. ער האט, ווייזט אויס, שוין פריהער געזעהען די פ י י ע ר־מ ע נ ש ע ן און איז אביסעל באקענט געווען מיט זייערע געננ. דער פ י י ע ר־מ ע נ ש האט געקוקט ארויף צו איהם און האט זיך געדרעהט ארום דעם בוים. און ל א נ ג־א ו י ע ר, פון זיין זייט, האט זיך אייך געדרעהט ארום דעם הויפט־שטאם איבער דעם אפצווייג, האלטענדיג די גאנצע צייט דעם שטאם צווישען זיך און דעם פ י י ע ר־מ ע נ ש.

דער לעצטער האט מיטאמאל גענומען זיך דרעהען אין דער פארקערטער ריכטונג. ל א נ ג־א ו י ע ר, נישט ריכטענדיג זיך גאר דערויף, האט זיך שנעל גענומען דרעהען אויף צוריק, ער האט אבער נישט געקאנט צוריקקריגען די שויץ פון דעם שטאם פאר דעם, ווי דער פייער־מענש האט א ציה געטון דעם בויגען. איך האב געזעהען, ווי די פייל האט א פליה געטון, האט נישט געטראפען ל א נ ג־א ו י ע ר, האט זיך אנגעשלאגען אן א צווייג און איז צוריק אראפגעפאלען אויף דער ערד. איך בין אין דער הויך אויפ'ן בוים געשפרונגען פון פרייד. עס איז געווען א שפיל! דער פ י י ע ר־מ ע נ ש האט געווארפען זאכען אויף

ל א נ ג־א ו י ע ר. ווי מיר פלעגן צייטענווייז ווארפן זאכן איינער אויפ׳ן אנדערן.

דאס שפיל האט נאך געהאלטן עטוואס לענגער, אבער ל א נ ג ־ א ו י ע ר האט זיך שוין מעהר נישט ארויסגעשטעלט פאר איהם. דער פ י י ע ר־מ ע נ ש האט דאס שפיל אויפגע־געבען. איך האב זיך שטארק איבערגעבויגען איבער דעם האריי־זאנטאלען צווייג, אויף וועלכען איך האב זיך געהאלטען, און האב צו איהם אראפגעשריען. איך האב געוואלט זיך שפילען. איך האב געוואלט, אז ער זאל פרואווען טרעפען מיך מיט דער זאך. ער האט מיך געזעהען, אבער ער האט מיך איגנארירט און האט זיך געווענדט צו ק ר ו ם ־ צ א ה ן, וועלכער האט נאך אלץ לייכט און נישט־ווילענדיג זיך געווייגט אויפ׳ן עק פון דעם צווייג.

די ערשטע פייל איז ארויפגעפלויגען ארויף. ק ר ו ם־צ א ה ן האט פון וועהטאג און שרעק זיך צעשריען מיט קולי־קולות. די פייל האט ריכטיג געטראפען. דאס האט אינגאנצען געענדערט די לאגע. איך האב שוין מעהר נישט געוואלט זיך שפילען און האב, ציטערענדיג, זיך איינגעקארטשעט און געטוליעט צום צווייג. א צווייטע פייל און א דריטע, ארויפפליהענדיג אין א רונד־ געבויגענער ליניע און רוישענדיג אין די בלעטער, האבען נישט געטראפען ק ר ו ם־צ א ה ן און זיינען צוריק אראפגעפאלען אויף דער ערד.

דער פ י י ע ר־מ ע נ ש האט ווידעראמאל אנגעצויגען דעם בויגען. ער איז אפגעטראטען אויף עטליכע טריט, איינמאל און נאכאמאל. דאס שטריקעל האט ארויסגעלאזט א שארפען קלאנג. די פייל איז אפגעשפרונגען ארויף־צו און ק ר ו ם־צ א ה ן איז מיט א שרעקליכען געשריי אראפגעפאלען פון צווייג. איך האב איהם געזעהען, בעת ער איז געפאלען, דרעהענדיג זיך אין דער לופטען אזוי, אז עס האט זיך געדאכט אז ער באשטעהט מעהר נישט ווי נאר פון הענט און פיס; פון זיין ברוסט האט ארויס־

געשטעקט דער עק פון דער פייל, באווייזענדיג זיך און פארשווינ־דענדיג ביי יעדען קער פון קערפער.

ער איז, שרייענדיג, געפאלען גלייך אראפ אויף זיבעציג פוס; ער האט זיך אפגעקלאפט אן דער ערד מיט א פארדומפטען קראך ; זיין קערפער איז עטוואס אפגעשפרונגען פון דער ערד און האט זיך גלייך ווידער אראפגעזעצט. ער האט נאך געלעבט, ווייל ער האט זיך געריהרט, האט זיך געווארפען און געדראפעט מיט די הענט און מיט די פיס. איך געדענק, ווי דער פ י י ע ר־מ ע נ ש איז ציגעלאפען צו איהם מיט א שטיין און האט איהם גענומען קלאפען איבער'ן קאפ... און ווייטער געדענק איך מעהר גארנישט.

אלעמאל אין פארלויף פון מיינע קינדער־יאהרען האב איך אין דעם דאזיגען מאמענט פון חלום זיך אויפגעכאפט, שרייענדיג פון שרעק, און האב אפטמאל געטראפען מיין מוטער אדער מיין אם, שטעהענדיג ביי מיין בעטעל, אומרוהיגע און איבערגעשראָ־קענע, גלעטענדיג מיך מילד איבער די האר און זאגענדיג מיר, אז זיי זיינען לעבען מיר און אז איך דארף זיך גארנישט שרעקען.

מיין צווייטער חלום גלייך נאך דעם הויבט זיך אלעמאל אן דערמיט וואס איך און ל א נ ג־א ו י ע ר לויפען איבער'ן וואלד. דער פ י י ע ר־מ ע נ ש און ק ר ו ם־צ א ה ן און דער בוים, וואו עס איז פארגעקומען די טראגעדיע, זיינען פארשוואונדען גע־ווארען. איך און ל א נ ג־א ו י ע ר לויפען אין טויט־שרעק איבער די בוימער. איך פיהל אין מיין רעכטער פוס א ברענענדי־גען וועהטאג ; און פון דעם פלייש שטעקען ארויס ביידע עקען פון דעם פ י י ע ר־מ ע נ ש ע נ'ס פייל. עס האט נישט נאר שטארק וועה געטון דאס ציהען פון דער פייל, נאר עס האט מיך אויך געשטערט אין מיינע באוועגונגען און בשום אופן נישט גע־לאזט לויפען גלייך מיט לאנג־אויער.

איך האב ענדליך, זיך אפגעשטעלט און האב זיך צוזאמענ־געקארטשעט אין א זיכערער פאנאנדערצווייגונג פון א בוים. ל א נ ג־א ו י ע ר איז געגאנגען ווייטער. איך האב איהם גע־

רופען — מיט א העכסט־יאמערליכען קול, גערענק איך ; און ער האט זיך אפגעשטעלט און זיך אומגעקוקט. נאך דעם האט ער זיך צוריקגעקעהרט צו מיר, ארויפקלעטערענדיג צו דעם אפצווייג, און האט גענומען באטראכטען די פייל. ער האט געפרואווט ארויס־שלעפען זי, אבער זי האט זיך פארהאלטען אין דעם פלייש מיט איהרע פאנאנדערגעשפיצטע עקען. א חוץ דעם האט עס מיר שרעקליך וועה געטון און איך האב איהם אפגעשטעלט.

מיר זיינען א געוויסע צייט געזעסען דארט איינגעקארטשעטע; ל א נ ג־א ו י ע ר איז געווען נערוועז, האט געגארט אוועקצוגעהן פון דארטען און האט אלץ געקוקט מיט חשד אויף אלע זייטען ; איך האב שטיל געכניקעט און געקרעכצט. ל א נ ג־א ו י ע ר איז איינפאך געווען אין פאניק, און דערפאר באטראכט איך זיין פאר־בלייבען לעבען מיר, נישט געקוקט אויף זיין שרעק, אלס אן אנ־זאג אויף דעם צוקונפטיגען אלטרואיזם און חבר'שאפט, וואס האבען געהאלפען דעם מענשען צו ווערען די מאכטיגסטע פון אלע חיות.

ל א נ ג־א ו י ע ר האט ווידעראמאל געפרואווט ארויסציהען די פייל פון פלייש, אבער איך האב איהם מיט כעס אפגעשטעלט. דעמאלט האט ער זיך אנגעבויגען און האט גענומען אפגריזשען מיט די צייהן איין עק פון דער פייל, בעת ער האט דאס געטון, האט ער פעסט צוגעהאלטען די פייל מיטביידע הענט, כדי זי זאל זיך נישט ארומדרעהען אין דער וואונד, און איך האב בשעת מעשה זיך אנ־געהאלטען אן איהם. איך טראכט אפט וועגען דער דאזיגער סצענע— איך שטעל זיך פאר אונזביידען, נישט־דערוואקסענע חיה'לעך, אין דער קינדהייט פון דער ראסע, און ווי איינער באהערשט זיין שרעק, בייקומענדיג זיין זעלבסטזיכטיגען אימפלוס צו לויפען, כדי ארויס־צוהעלפען דעם צווייטען. און עס קומט אויף פאר מיינע אויגען אלצדינג אויף וואס די דאזיגע סצענע איז געווען אן אנזאג, און איך זעה פאר זיך בילדער פון דאמאן און פיטיאס, פון רעטונגס־געזעל־שאפטען, פון בארעמהארציגע שוועסטער פון רויטען קרייץ, פון

מארטירער און פיהרער פון חאפגונגסלאזע קריעגס־אונטערנעמונ־
גען, פון פאטער דאמיען און פון קריסטוס'ען אליין, און פון אלע
געזונטע און שטארקע מענשען פון דער ערד, וועמענס קראפט ציהט
זיך נאך פון לאנג־אויער און גרויס־צאהן און אנ־
דערע טונקעלע איינוואוינער פון דער אינגערער וועלט.

ווען לאנג־אויער האט אפגעגריזשעט דאס קעפעל פון
דער פייל, האט ער זי גאנץ לייכט ארויסגעשלעפט. איך האב אנ־
געהויבען געהן ווייטער, אבער איצט האט ער מיך אפגעשטעלט.
מיין פוס האט זעהר שטארק געבלוטעט. עס האבען זיכער גע־
פלאצט אייניגע קליינע אדערען. ארויסלויפענדיג צום עק פון א
צווייג, האט לאנג־אויער אפגעריסען א היפען מיט גרינע
בלעטער און האט מיט זיי פארשפארט מיין וואונד. די בלעטער הא־
בען טאקע געהאלפען אפצושטעלען דאס בלוט. און דעמאלט זיינען
מיר צוזאמען אוועק ווייטער, צוריק צו דער זיכערקייט פון די היי־
לען.

## אכטער קאַפּיטעל

איך געדענק זעהר גוט דעם ערשטען ווינטער נאָך מיין פאַר־לאָזען די היים. עס האָט זיך מיר פיעל געחלומ'ט, ווי איך זיץ און ציטער פון קעלט. איך און ל א נ ג־א ו י ע ר זיינען געזעסען ביינאַנד, ארומנעמענדיג זיך מיט די הענט און מיט די פיס. אונ־זערע פּנימ'ער זיינען געוועזן בלוי און מיר האָבען פון קעלט גע־קנאַקט מיט די ציינער. דערהויפּט איז די לופט געוואָרען שאַרף אין די פאַרטאָגען. אין יענע קאַלטע שטונדען זיינען מיר ווייניג גע־שלאָפען; מיר האָבען זיך צוזאַמענגעדרעהט אין טעמפּען ווערטאָג און ארויסגעקוקט אויפ'ן זון־אויפגאַנג צו קאָנען זיך אנוואַרעמען.

ווען מיר זיינען ארויס אין דרויסען, האָבען מיר דערהערט אונ־טער אונזערע פיס דאָס קראַכען פון פראָסט. איינמאָל אין א פריה־מאָרגען האָבען מיר אַנטדעקט אייז אויף דער אויבערפלאַך פון דעם רוהיגען וואַסער פון שטראָם, וואו עס איז געוועזן אונזער טרונק־פּלאַץ, און מיר האָבען זיך איבער דעם א היבש ביסעל גע־טומעלט. דער אלטער מ אַ ר ד ־ ב י י ן איז געוועזן דער עלט־סטער מיטגליד פון אונזער האָרדע און ער האָט אזוינס נאָך קיינ־מאָל נישט געזעהען. איך געדענק דעם אומרוהיגען און טרויעריגען בליק, וואָס זיינע אויגען האָבען אנגענומען, בעת ער האָט באַ־טראַכט דאָס אייז. (אונזערע אויגען האָבען אנגענומען א טרויעריגען בליק יעדעס מאָל, ווען מיר האָבען עפּעס נישט פאַרשטאַנען, אדער ווען מיר האָבען דערפיהלט דאָס נאָגען פון עפּעס א נישט־קלאָרען און אומאויסשפּרעכליכען פאַרלאַנג). אויך ר ו י ט־

אויג איז געווען אומעטיג און פארטרויערט, בעת ער האט אונ־טערזוכט דאס אייז, און האט געקוקט אריבער דעם טייך, צו דער ריכטונג פון צפון־מזרח, גלייך ווי ער וואלט וועלען די דאזיגע גע־שעהעניש אויף וועלכען נישט איז אופן פארבינדען מיט די פייער־מענשען.

מיר האבען אבער געפונען אייז נאר אין יענעם אייגעם פריה־מארגען, און דאס איז געווען דער קאלטסטער ווינטער, וואס מיר האבען געהאט. איך האב אפט געטראכט, אז יענער קאלטער ווינ־טער איז געווען א פארלויפער פון די אומצעהליגע קאלטע ווינ־טערס, וואס האבען געהאלטען אין קומען, ווייל די אייז־שיכט פון דעם ווייטען צפון האט זיך געשפרייט איבער דעם אנגעזיכט פון דער ערד. אבער מיר האבען קיינמאל נישט געזעהען די דא־זיגע אייז־שיכט. פיעל דורות האבען געקערט פאריבער, איידער די אפשטאמלינגען פון דער הארדע האבען אריבערגעוואנדערט קיין דרום, אדער זיינען פארבליבען אויפ'ן זעלבינען ארט און זיך צוגעפאסט צו די געענדערטע באדינגונגען.

אונזער לעבען איז געגאנגען אהן א שום סדר און אהן אויס־רעכענונג. מיר האבען שטענדיג ווייניג וואס געפלאנעוועט און נאך ווייניגער דורכגעפיהרט. מיר האבען געגעסען, ווען מיר זיינען געווען הונגעריג, געטרונקען, ווען מיר זיינען געווען דורשטיג; מיר האבען אויסגעמיטען אונזערע שונאים, די רויב־חיות, האבען ביינאכט זיך באהאלטען אין די היילען, און אין דעם איבעריגען איז אונזער לעבען דורך, ווי א מין שפיל. מיר זיינען געווען זעהר נייגעריג, שטענדיג גרייט צו פארוויילען זיך און פול מיט אלערליי שטיק און שטיפערייען. מיר האבען נישט געוואוסט וועגען קיין ערנסטקייט, א חוץ דעמאלט, ווען מיר זיינען געווען אין סכנה אדער אויפגעבראכט; און אויך דא האבען מיר דאס ערשטע שנעל פארגעסען און דאס צווייטע שנעל איבערגעקומען.

מיר זיינען געווען נישט אויסגעהאלטען און נישט לאגיש. מיר זיינען קיינמאל נישט געווען אנטשלאסען אין פארפאלגען

עפעס א ציל; אין דעם זיינען שוין די פ י י ע ר - מ ע נ ש ע ן אוועק ווייטער פון אונז. זיי האבען פארמאגט די דאזיגע אלע זאכען, וועלכע מיר האבען פארמאגט אזוי וועניג. צייטענווייז זיינען מיר אבער אויך געווען פעהיג צו האלטען זיך א לאנגע צייט ביי איין ציל. — דערהויפט אין דער ספערע פון געפיהל. די גע־טריישאפט פון די מאנאגאמישע פארלעך, אויף וועלכע איך האב פריהער אנגעוויזען, קאן באטראכט ווערען, אלס א זאך פון גע־וואוינהייט; אבער מיין לאנגער באגער צו דער ג ר י נ ג - פ י־ ס י ג ע ר, פונקט ווי די נישט געשטילטע פיינדשאפט צווישען מיר און ר ו י ט - א ו י ג, קאן אויף אזא אופן נישט דער־קלערט ווערען.

באזונדערס אבער קוועלט מיך אונזער נישט־אויסגעהאלטענ־קייט און נארישקייט, ווען איך קוק זיך איצט ארום אויף דעם לע־בען פון יענער ווייטער צייט. איינמאל האב איך געפונען א צע־בראכענעם קירבעס, וואס איז גראד געלעגען מיט דער אויפגע־בראכענער זייט ארויף און איז געווען אנגעפילט מיט רעגען־וואַ־סער. דאס וואסער איז געווען זיס און איך האב עס אויסגע־טרונקען. איך האב אפילו גענומען דעם קירבעס צום שטראם און האב איהם ווידעראמאל אנגעפילט מיט וואסער, פון וועלכען איך האב א ביסעל אפגעטרונקען און דאס איבעריגע אויסגעגאַ־סען אויף ל א נ ג־א ו י ע ר. נאך דעם האב איך דעם קירבעס אוועקגעווארפען. עס איז מיר גארנישט איינגעפאלען אנצופילען איהם מיט וואסער און אוועקטראגען אין הייל אריין, כאטש גאנץ אפט בין איך אין מיטען דער נאכט געווען דורשטיג, דערהויפט נאכדעם, ווי איך האב געגעסען ווילדע ציבעלעס און וואסער־קרע־סען, און קיינער פון אונז האט נישט געוואגט צו פארלאזען ביי־נאכט די הייל צו געהן נאך א טרונק.

אז אנדער מאל האב איך געפונען א טרוקענעם קירבעס, אין וועלכען עס האבען געקלאפערט די קערנדלעך. איך האב אויף א

ווייל דערפון שטארק הנאה געהאט. עס איז אבער געווען פאר מיר נישט מעהר ווי א שפילצייג. און דאך האט אין א קורצער צייט נאך דעם די גאנצע הארדע אנגעהויבען נוצען קירבעסען צו האלטען אין זיי וואסער. אבער נישט איך בין געווען דער ער־פינדער. דער כבוד האט געהערט צום אלטען מ א ר ד־ב י י ז. און מען קאן זיך גאנץ גוט משער זיין, אז דער דאזיגער נייער איינפיהר איז ארויסגערופען געווארען דורך דער נויטווענדיגקייט פון זיין טיפער עלטער.

יעדענפאלס איז מ א ר ד ־ ב י י ז געווען דער ערשטער מיטגליד פון דער הארדע, וואס האט אנגעהויבען נוצען קירבעסען. ער האט געהאלטען אין זיין הייל וואסער צום טרינקען; די הייל האט געהערט צו זיין זוהן, דעם ה א ר ל א ז ע ז, וועלכער האט איהם דערלויבט צו פארנעמען דארט א ווינקעל. מיר פלע־גען זעהן, ווי מ א ר ד ־ ב י י ז האט ביים טרונק־פלאץ אנגעפילט זיין קירבעס און האט איהם פארזיכטיג געטראגען צו זיך אין הייל ארייז. די נאכאמונג איז צווישען אונז געווען שטארק אנטווי־קעלט, און צוערשט האט איינער, דערנאך אן אנדערער באקומען א קירבעס און זיך באנוצט מיט איהם אויף דעם זעלביגען אופן, ביז עס איז ביי אונז אלעמען געווארען אן אנגענומענע זאך צו פארגרייטען זיך מיט וואסער.

מ א ר ד ־ ב י י ז איז צייטענווייז קראנק געווארען און האט נישט געקאנט פארלאזען די הייל. דעמאלט האט דער ה א ר־ל א ז ע ר אנגעפילט פאר איהם דעם קירבעס. שפעטער האט דער ה א ר ל א ז ע ר איבערגעגעבען די דאזיגע אויפגאב צו זיין זוהן, ל א נ ג־ל י פ. און נאך דעם פלעגט ל א נ ג־ל י פ טראגען וואַ־סער אפילו דעמאלט, ווען מ א ר ד ־ ב י י ז איז צוריק געזונט געווארען. מיט דער צייט האבען די מענער, א חוץ אין אוי־סערגעוועהנליכע פאלען, אינגאנצען אויפגעהערט צו טראגען אליין וואסער און האבען דאס איבערגעלאזט צו די פרויען און די נרע־

סערע קינדער. איך און ל א נ ג־א ו י ע ר זיינען געווען אומ־אפהענגיג. מיר האבען געטראגען וואסער נאר פאר זיך אליין. און מיר האבען אפט אפגעלאכט פון די יונגע וואסער־טרעגער, ווען מען האט זיי אוועקגערופען פון שפיל אנצופילען די קירבעסען מיט וואסער.

מיר האבען פראגרעסירט זעהר לאנגזאם. מיר האבען זיך אפגעשפילט דאס גאנצע לעבען; אפילו די דערוואקסענע האבען זיך געשפילט כמעט אויף דעם זעלביגען שטייגער, ווי קינדער; מיר האבען אבער זיך געשפילט אזוי ווי קיין שום אנדערע חיות שפילען זיך נישט. דאס ביסעל, וואס מיר האבען געלערנט, איז געוועהנליך פארגעקומען אין לויף פון שפיל און איז געווען צו פארדאנקען אונזער נייגיר און אונזער טיפער פעהיגקייט אפצור־שאצען נייע זאכען. די איינציגע גרויסע ערפינדונג פון דער הארדע פאר דער גאנצער צייט, וואס איך האב צווישען איהר געלעבט, איז געווען דאס נוצען פון קירבעסען.

אין אנהויב האבען מיר, נאכטוענדיג דעם אלטען מארד־ביין, געהאלטען אין די קירבעסען נאר וואסער. אבער איינמאל האט איינע פון די פרויען — איך ווייס נישט וועלכע — אנגעפילט א קירבעס מיט שווארצע יאגדעס און עס אוועקגעטראגען צו זיך אין הייל אריין. און גאר אינגיכען האבען אלע פרויען שוין גע־טראגען אין די קירבעסען יאגדעס, און ניס, און ווארצלען. מאכ־בענדיג נאר א אנהויב, האט די דאזיגע אידעע זיך שוין אנט־וויקעלט ווייטער. נאך א אנטוויקלונגס־שריט אין באצוג צו טראנספארט־מיטלען איז געמאכט געווארען פון פרויען. איינער א פרוי'ס קירבעס איז מסתמא געווען צו קליין, אדער זי האט איהם פארגעסען מיטצונעמען; אבער ווי די זאך זאל נישט זיין, האט זי צוזאמענגעשטיקעלט צוויי גרויסע בלעטער, דורכשטעכענדיג די נעט מיט ריטלעך, און אוועקגעטראגען אהיים א גרעסערע מאס יאגדעס, איידער עס וואלט געקאנט אין זיך אריינגעמען דער גרעסטער קירבעס.

אט־אזוי ווייט און נישט ווייטער זיינען מיר אוועק אין דעם טראנספארטירען פון פראוויזיע אין פארלויף פון די יארען, וואס איך האב געלעבט מיט דער הארדע. עס איז קיינעם קיינמאל נישט ארויף אויפ'ן זינען אויסצופלעכטען פון וויצקעס א קארב. אמאל האבען די מענער און די פרויען ארומגעבונדען מיט שטייפע וויינשטענגלעך די בינטלעך פארנען און צווייגען, וועלכע זיי האבען אוועקגעטראגען אין די היילען צו מאכען פון זיי געלעגערס. מעגליך, אז ערשט אין צעהן אדער צוואנציג דורות ארום זיינען מיר דערגאנגען צו פלעכטען קארבען. איין זאך איז אבער זיכער: אויב מיר האבען איינמאל געפלאכטען פון ווערבע־ריטלעך קארבען, איז דער צווייטער און אומפארמיידליכער שריט געווען צו וועבען לייוונט. נאך דעם האבען געדארפט פאלגען קליידער און מיט דעם צודעקען פון אונזער נאקעטקייט האט געדארפט קומען די שעמעוודיגקייט.

אויף אזא אופן האט די אינגערע וועלט געוואונען א טרייב־קראפט. אבער מיר האבען די דאזיגע קראפט נישט פארמאגט. מיר האבען נאר געהאט אנגעהויבען און מיר האבען אין איינציגען דור נישט געקאנט ווייט אוועקגעהן. מיר האבען נישט געהאט ניט קיין געוועהר און ניט קיין פייער און אונזער שפראך איז נאך געווען זעהר רוי. די ערפינדונג פון שרייבען איז נאך דעמאלט געלעגען אזוי ווייט אין דער צוקונפט, אז איך דערשרעק זיך אזש, ווען איך טראכט וועגען דעם.

אפילו איך אליין האב איינמאל שיער נישט געמאכט קיין גרויסע אנטדעקונג. כדי צו ווייזען אייך, ווי צופעליג עס איז אין יענע טעג אנגעגאנגען די אנטוויקלונג, קאן איך אייך זאגען, אז ווען נישט די פרעסעריי פון ל א נ ג ־ א ו י ע ר, וואלט איך געקאנט דערגרייכען די צוגעוואוינונג פון דעם הונט. דאס איז געווען עטוואס אזוינס, וואס די פ י י ע ר־מ ע נ ש ע ן, וועלכע האבען געלעבט אין צפון־מזרח, האבען נאך נישט געהאט דערגרייכט. זיי

האבען נישט געהאט קיין חינט; דאס האב איך געוואוסט פון מיין באאבאכטונג. אבער לאמיך אייך דערצעהלען, ווי אזוי די פרעסעריי פון לאנג־אויער האט אפשר אויף פיעל דורות אפגעהאלטען אונזער געזעלשאפטליכע אנטוויקלונג.

ווייט אין מערב־זייט פון אונזערע הייליען האט זיך געפונען א גרויסער זומפ און אין דרום־זייט האבען זיך געצויגען נידעריגע פעלזענבערג. צוליב צוויי אורזאכען זיינען די דאזיגע פעלזער פון אונז ווייניג וואס באזוכט געווארען. ערשטענס איז דארט נישט געווען פון יענעם מין שפייז, וואס מיר פלעגען עסען; און צווייטענס, זיינען די פעלזענבערג געווען פול מיט נארעס פון פלייש־פרעסענדיגע חיות.

אבער איינמאל בין איך צוזאמען מיט לאנג־אויער פארקראכען צו די בערג. מיר וואלטען אהין נישט געווען פאר־בלאנדזשען, ווען מיר וואלטען נישט געווען זיך רייצען מיט א טיגער. לאכט נישט. דאס איז געווען דער אלטער שווערד־צאהן אליין. מיר זיינען געווען פולשטענדיג זיכער. מיר האבען גאנץ פריה זיך צוזאמענגעטראפען מיט איהם אין וואלד און האבען פון דער זיכערקייט פון די צווייגען איבער זיין קאפ אראפגעשריגען צו איהם ווענען אונזער שנאה. און מיר זיינען געלאפען איבער איהם פון צווייג צו צווייג און פון בוים צו בוים, מאכענדיג א שרעקליכען טומעל און ווארנענדיג אלע וואלד־איינ־וואוינער, אז שווערד־צאהן קומט.

מיר האבען איהם יעדענפאלס צעשטערט זיין געיעג. און מיר האבען איהם א רעכט ביסעל צערייצט. ער האט געברומט צו אונז און געווארפען מיט'ן עק, און פון צייט־צו־צייט האט ער זיך אפגעשטעלט און האט לאנג און רוהיג ארויפגעקוקט צו אונז, גלייך ווי ער וואלט געזוכט א מיטעל, ווי אזוי אונז צו פאקען. אבער מיר האבען נאר געלאכט און ארונגעווארפען אויף איהם ריטלעך און די עקען פון צווייגען.

דאס רייצען זיך מיט טיגערס איז צווישען אונז געווען א גאנץ געוועהנליך שפיל. צייטענווייז האט א האלבע הארדע נאכ־געפאלגט אין דער הויך א טיגער אדער א לייב, וואס איז בייטאג ארויסגעקומען אויף געיעג. דאס איז געווען אונזער נקמה; ווייל נישט איין מיטגליד פון דער הארדע, וואס איז אומגעריכט גע־כאפט געווארען, איז שוין פארשוואונדען אין דעם טיגער'ס אדער לייב'ס בויך. דורך אזא שטראף פון הילפלאזיגקייט און שאנד האָ־בען מיר אויך ביז א געוויסען גראד געלערנט די פארפאלגענדיגע חיות צו האלטען זיך ווייט פון אונזער טעריטאריע. און דערצו איז עס נאך געווען פאר אונז א פרעהליכע זאך. עס איז געווען א פיין שפיל.

און אזוי האב איך און ל א נ ג־א ו י ע ר געטריבען ש ו ו ע ר ד־צ א ה ן איבער'ן וואלד אויף דריי מייל ווייט. צום סוף האט ער אריינגענומען דעם עק צווישען די לאפעס און איז אנט־לאפען פון אונזער שפאט, ווי א געשלאגענער הונט. מיר האָ־בען געפרואווט זיך נאכיאגען נאך איהם, אבער ווען מיר האבען דערגרייכט דעם ראנד פון וואלד, האט ער שוין אויסגעזעהען אין דער ווייטקייט מעהר נישט, ווי א דין פאסיקעל.

איך ווייס נישט, וואס אזוינס האט אונז געטריבען צו געהן ווייטער, סיידען נאר די נייגיר; אבער נאכדעם, ווי מיר האבען זיך אביסעל ארומגעשפילט, זיינען מיר ביידע אריבער דורכ'ן אפענעם פלאץ צום ראנד פון די פעלזענבערג. מיר זיינען ווייט נישט אוועק. מיר האבען אפשר די גאנצע צייט זיך נישט געפונען ווייטער ווי א הונדערט איילען פון די בוימער. אויסדרעהענדיג זיך ארום א שארפען ווינקעל פון פעלז (מיר זיינען געגאנגען זעהר פארזיכטיג, ווייל מיר האבען נישט געוואוסט, וואס מיר קאנען באַ־געגענען), האבען מיר זיך אנגעשטויסען אויף דריי הינטעלעך, וואס האבען זיך געשפילט אויף דער זון.

זיי האבען אונז נישט געזעהען און מיר האבען א געוויסע

ציים זיך צוגעקוקט צו זיי. דאָס זיינען געווען ווילדע הינט. אין דער פּעלזען־וואַנט איז געווען אַ האָריזאָנטאַלער שפּאַלט — ווייזט אויס, די נאָרע, וואו זייער מוטער האָט זיי איבערגעלאָזט און וואו זיי האָבען געזאָלט פאַרבלייבען, ווען זיי וואָלטען נאָר געווען געהאַרכזאַם. אָבער דאָס שטייגענדיגע לעבען, וואָס האָט מיך און ל אַ נ ג־אָ ו י ע ר געטריבען פון וואַלד אַרויס, האָט אויך די הינטעלעך אַרויסגעטריבען פון הייל צו שפּילען זיך. איך ווייס, ווי זייער מוטער וואָלט זיי באַשטראָפט, ווען זי וואָלט זיי געווען כאַפּען.

אָבער כאַפּען זיי האָבען גאָר געכאַפּט איך און ל אַ נ ג־אָ ו י ע ר. ער האָט אַ קוק געטון אויף מיר און מיר האָבעןביידע באַלד אַ לאָז געטון זיך צו זיי. די הינטעלעך האָבען נישט געוואוסט קיין אַנדער פּלאַץ, וואוהין צו לויפען, אחוץ אין דער נאָרע אַריין, און מיר האָבען זיי פאַרשטעלט דעם וועג. אייז הינטעל האָט זיך אַריינגעיאָגט צווישען מיינע פיס. איך האָב זיך צוגעזעצט און האָב עס אַ כאַפּ געטון. עס האָט זיך מיט זיינע שאַרפע צייהנדלעך איינגעביסען אין מיין אָרעם און איך האָב פון אומ־געריכטען וועהטאָג און איבעראַשונג עס אָפּגעלאָזט. אין דעם צווייטען מאָמענט איז עס שנעל אַריינגעלאָפען אין הייל אַריין.

ל אַ נ ג־אָ ו י ע ר, קעמפּענדיג מיט'ן צווייטען הינטעל, האָט בייז אַ קוק געטון אויף מיר און האָט מיר דורך פאַרשיידענ־ערליי קלאַנגען געגעבען אַנצוהערעניש, וואָס פאַר אַ מין טפּוש און ווייסטער קאַליקע איך בין דאָס געווען. דאָס האָט מיך גע־מאַכט צו שאַנד און אַנגערעגט מיין העלדישקייט. איך האָב אַ פּאַק געטון דאָס פאַרבליבענע הינטעל פאַר'ן עק. עס האָט זיך אויך איינגעביסען אין מיר מיט די צייהן און איך האָב עס דער־מאָלט אַ כאַפּ געטון פאַר'ן געניק. איך און ל אַ נ ג־אָ ו י ע ר האָבען זיך אוועקגעזעצט, האָבען געהאַלטען די הינטעלעך אין דער חויך, האָבען געקוקט אויף זיי און געלאַכט. זיי האָבען געוואָר־טשעט, געהאַווקעט און געקוויטשעט.

ל א נ ג־א ו י ע ר האט זיך פלוצלונג אויפגעהויבען. עס האט זיך איהם אויסגעדאכט, אז ער האט עטוואס געהערט. מיר האבען זיך איבערגעקוקט אין שרעק, באגרייפענדיג די סכנה, אין וועלכער מיר האבען זיך געפונען. איין זאך, וואס האט געמאכט די חיות פאר צערייצטע טייוואלים, איז געווען דאס פארען זיך פון א זייטיגען ארום זייערע יונגלינגען. און די דאזיגע הינטלעך, וועלכע האבען אויפגעהויבען אזא טומעל, האבען געהערט צו די ווילדע הינט. מיר האבען זיי גוט געקענט, בעת זיי זיינען גע־לאפען מחנות'ווייז, אניאגענדיג א שרעק אויף די גראז־עסענדיגע חיות. מיר האבען זיי געזעהען, פאלגענדיג נאך די הערדען פון פיה און ביפעלען און אוועקשלעפענדיג די קעלבלעך, די אלטע און די קראנקע. מיר זיינען אליין אויך נישט איינמאל פון זיי גע־טריבען געווארען. איך האב געזעהען, ווי זיי האבען פאריאגט א פרוי פון דער הארדע און האבען זי געכאפט פונקט דעמאלט, ווען זי האט שוין געהאט דערגרייכט די שויץ פון די וועלדער. וואלט זי נישט געווען מיד פון דעם לויפען, וואלט זי נאך געקאנט זיך ארויפכאפען אויף א בוים. זי האט עס טאקע געפרואווט טון, אבער זי האט זיך אראפגעגליטשט און איז געפאלען. זיי האבען געמאכט מיט איהר א שנעלען סוף.

מיר האבען נישט געקוקט איינער אויפ'ן אנדערען לענגער, ווי איין מאמענט. אנהאלטענדיג שטייף אונזער געווינס, זיינען מיר אוועק צוריק אין וואלד אריין, און ווי נאר מיר האבען זיך געפונען אין דער זיכערקייט פון א הויכען בוים, האבען מיר אויפ־געהויבען די הינטלעך אין דער הויך און האבען ווידער געלאכט. איהר זעהט, מיר האבען געמוזט זיך אויסלאכען, וואס עס זאל דארטען נישט געשעהן.

און דעמאלט האט זיך פאר מיר אנגעהויבען איינע פון די שווערסטע אויפגאבען, וואס איך האב אויף זיך אמאל גענומען. מיר האבען גענומען אוועקטראגען די הינטעלעך צו אונז אין הייל

אריין. אנשטאט צו נוצען אונזערע הענט צו קלעטערען, זיינען זיי די מעהרסטע צייט געווען פארנומען מיט איינהאלטען אונזערע געפאנגענע, וועלכע האבען זיך געדרעהט און געריסען פון אונז. איינמאל האבען מיר געפרואווט געהן אויף דער ערד, אבער א געמיינע היענא, וועלכע האט פון הינטען ארום געפאלגט נאך אונז, האט אונז צוריק ארויפגעטריבען אויפ'ן בוים. עס איז געווען א קלוגע היענא.

ל א נ ג־א ו י ע ר איז עטוואס איינגעפאלען. ער האט זיך דערמאנט, ווי מיר האבען צוזאמענגעבונדען בינטלעך בלעטער צו טראגען זיי אהיים פאר בעטען. אפברעכענדיג א שטייפען וויינשטענגעל, האט ער מיט איהם צוזאמענגעבונדען דעם הינטעל'ס לאפקעס; דערנאך האט ער מיט אן אנדער שטענגעל ארומגעבונדען זיך דעם האלז און האט דאס הינטעל אריבערגעווארפען אריבער'ן אקסעל. דאס האט זיינע הענט און פיס געלאזט פריי צו קלעטערען. ער איז געווען מלא שמחה, און גארנישט ווארטענדיג ביז וואנען איך וועל צוזאמענבינדען דעם הינטעל'ס לאפקעס, האט ער זיך געלאזט אין וועג אריין. עס איז אבער געווען איין שוועריגקייט. דאס הינטעל האט נישט געוואלט זיך האלטען אויף ל א נ ג־א ו י ע ר'ס פלייצע. עס האט זיך א ווארף געטון אויף דער זייט און דערנאך פון פארענט. זיינע צייהן זיינען נישט געווען געבונדען און עס האט זיך גלייך איינגעביסען אין ל א נ ג־א ו י ע ר'ס ווייכען און נישט געשיצטען בויך. ער האט ארויסגעלאזט א געשריי, איז שיער נישט אראפגעפאלען און האט מיט ביידע הענט זיך העפטיג איינגעקלעמט אין א צווייג, כדי צו ראטעווען זיך. דאס שטענגעל ארום זיין האלז האט זיך איינגעבראכען און דאס הינטעל איז מיט געבונדענע לאפקעס אראפגעפאלען אויף דער ערד. די היענא איז צוגעטראטען צום מאלצייט.

ל א נ ג־א ו י ע ר האט זיך געפיחלט דערשלאגען און איז געווען דערצארנט. ער האט אויסגעזידעלט די היענא און איז

איינער אליין זיך אוועק זיין וועג איבער די בוימער. איך האָב נישט געהאַט קיין שום באַוואוסטזיניגען גרונט צו וועלען ברייננען דאָס הינטעל אין הייל אריין, אחוץ דעם, וואָס איך האָב עס גלאַט געוואָלט טון; און איך האָב זיך געהאַלטען ביי מיינס. איך האָב זיך פיעל פארלייכטערט די ארבייט, אנטוויקלענדיג ווייטער לאַנג־גאַוויער׳ס אידעע. נישט נאָר האָב איך געבונדען דעם הינטעל די לאַפּקעס, נאָר איך האָב איהם נאָך אריינגעשטעקט אַ ריטעל צווישען די צייהן און האָב זיי שטייף צוזאמענגעבונדען.

ענדליך האָב איך דאָס הינטעלע געבראַכט צוטראָגען אהיים. איך שטעל זיך פאָר, אז איך האָב געהאַט אין זיך מעהר עקשנות, איידער דער דורכשניטליכער מענש פון דער הארדע, אַ׳ניט וואָלט איך נישט געווען דערגרייכט מיין ציל. די הארדע האט געלאכט פון מיר, ווען זיי האָבען דערזעהן, ווי איך שלעפּ דאָס הינטעל ארויף אין מיין הויכער הייל; איך האָב זיך אָבער וועניג וואָס וועגען דעם געקימערט. מיין באַמיהונג איז געקרוינט געוואָרען מיט ערפאָלג — און אָט איז דאָס הינטעל. עס איז געווען פאר מיר אַ שפּילכעל, וואָס קיינער פון דער הארדע האט אזוינס נישט פאר־מאָגט. עס האט זיך שנעל געלערנט. ווען איך האָב זיך מיט איהם געשפּילט און עס האָט מיך אַ בים געטון, האָב איך איהם דערלאַנגט איבער די אויערען און עס האָט שוין פאר אַ לאַנגער צייט מיך מעהר נישט געביסען.

איך האָב זיך שוין צו איהם געהאַט גאַנץ גוט צוגעבונדען. עס איז געווען פאר מיר אַ נייע זאַך, און איינער פון אונזערע שטרי־כען איז געווען דאָס, וואָס מיר האָבען ליב געהאַט נייע זאַכען. ווען איך האָב געזעהען, אז עס זאָגט זיך אָפּ פון פרוכט און גרינ־צייג, האָב איך פאר איהם געכאַפּט פייגעלעך, וועווערקעס און יינגע קראַליקלעך. (מיר זיינען געווען אי פלייש־עסער און אי וועגעטאַריאַנער, און מיר זיינען געניט געווען אין נעיעג נאָך קליינע חיה׳לעך). דאָס הינטעל האָט געגעסען דאָס פלייש און איז גע־

וואַקסען. אויף וויפיעל איך קאָן נאָר אויסרעכענען, האָב איך עס געמוזט האַלטען אַריבער אַ וואָך צייט. און איינמאָל, קומענדיג אין הייל מיט אַ גאַנצער נעסט פון יונג־אויסגעבריהטע פאַזאַנען, האָב איך אויסגעפונען, אַז ל אַ נ ג ־ אָ ו י ע ר האָט געהרג'עט דאָס הינטעל און האָט עס נאָר וואָס אָנגעהויבען עסען.

איך האָב זיך אַ לאָז געטון צו ל אַ נ ג ־ אָ ו י ע ר, — די הייל איז געווען אַ קליינע, — און מיר האָבען זיך ביידע גענומען רייסען און בייסען.

און אויף אַזאַ אופן האָט זיך אויסגעלאָזט מיט אַ געשלעג איינער פון די ערשטע פאַרזוכען צוצוגעוואוינען דעם הונט. מיר האָבען זיך אויסגעריסען גאַנצע זשמוטען האָר, האָבען איינער דעם אַנדערען געדראַפּעט, געביסען און דורכגעבראָכען די ביינער. מיר האָבען זיך אָנגעבלאָזען און זיינען גוט געוואָרען. און נאָך דעם האָבען מיר אויפגעגעסען דאָס הינטעל. רויערהייט? יאָ. מיר האָבען נאָך נישט אַנטדעקט קיין פייער. אונזער עוואָלוציע צו קאָכען פלייש פון חיות איז נאָך געלעגען אין דעם שטייף־פאַר־וויקעלטען ראָל פון דער צוקונפט.

## ניינטער קאפיטעל

ר ו י ט ־ א ו י ג איז געווען אן אטאוויסטישע ערשיינונג. ער האט זעהר נישט הארמאנירט מיט אונזער הארדע. ער איז געווען פרימיטיווער פון יעדען איינעם פון אונז. ער איז מיט אונז נישט אויסגעקומען, און מיר זיינען נאך געווען אזוי פרימי־טיוו, אז מיר זיינען נישט געווען פעהיג אויף א קאאפעראטיווער אנשטרענגונג, וואס זאל זיין גענוג שטארק איהם צו טויטען אדער ארויסצושטויסען, ווי ווילד עס איז נישט געווען אונזער סאציאלע ארגאניזאציע, איז ער פונדעסטוועגען געווען צרווילד צו לעבען אין איהר. מיט זיינע אומסאציאלע האנדלונגען האט ער אלע מאל געפיהרט צו דער פארניכטונג פון דער הארדע. ער האט באמת פארגעשטעלט מיט זיך א צוריקקער צו א פריהערדיגען טיפ, און זיין פלאץ איז גיכער געווען צווישען דעם ב ו י ם ־ פ א ל ק, איידער צווישען אונז, וועלכע האבען זיך געפונען אין דעם פראצעס פון ווערען מענשען.

ער איז געווען א מאנסטער פון גרויזאמקייט, וואס דאס הייסט זעהר פיעל פאר יענער צייט. ער פלעגט שלאגען זיינע ווייבער; האבען האט ער גראד געהאט נאר צו איין פרוי אויף א מאל, ער האט אבער פיעל מאל חתונה געהאט. עס איז אוממעגליך געווען פאר וועלכער נישט איז פרוי צו לעבען מיט איהם, און זיי האבען געלעבט מיט איהם טאקע נאר געצוואונגענערהייט. מען האט נישט געטארט געהן קעגען זיין ווילען. קיינער איז נישט געווען גענוג שטארק צו שטעלען זיך קעגען איהם.

אַפּט שטעלט זיך מיר פאר די רוהיגע שטונדע פאר דער דע־מערונג. פון דעם טרונק־פּלאַץ, פון דעם מער־דיבען־פּלאַץ און פון דעם יאַגדעס־זומפּ קומט זיך די הארדע צוזאַמען אויף דעם אָפּע־נעם פּלאַץ פאר די היילען. זיי וואגען נישט ארומצובלאַנקען זיך לעגגער פון דעם, ווייל עס קומט אן די שרעקליכע פינסטערניש, אין וועלכער די וועלט ווערט איבערגעגעבען צו דער שלאַכטעריי פון די ווילדע חיות, בעת די פארלויפער פון דעם מענשען באהאַל־טען זיך ציטערענדיגע אין זייערע לעבער.

דאך בלייבט נאך פאר אונז איבער עטליכע מינוט, איידער מיר קלעטערען ארויף צו אונזערע היילען. מיר זיינען מיד פון שפּילען זיך א גאַנצען טאָג, און די שטימען אונזערע ווערען שטי־לער. אפילו דאס קליינוואַרג, וואס האט נאך אלץ א שטאַרקען חשק צו שטיפערייען, שפּילט זיך עפּעס איינגעהאַלטען. דער ווינט פון ים איז פארשטילט געוואָרען און די שאָטענס ברייטען זיך אוים מיט די לעצטע שטראַלען פון דער פארגעהענדיגער זון. און פּלוצלונג ברעכט פון ר ו י ט ־ א ו י ג ׳ ס הייל ארויס א ווילדער געשריי און עס הערט זיך א הילך פון קלעפּ. ר ו י ט ־ א ו י ג שלאָגט זיין ווייב.

צוערשט קומט אָן אויף אונז א מורא׳דיגע שטילקייט. אָבער ווען די קלעפּ און די געשרייען הערען זיך אלץ מעהר, ברעכען מיר אוים אין א וואַנזיניגער פּילדעריי פון הילפלאָזען צאָרן. עס איז קלאָר, אז די מענער פאַרדריסען ר ו י ט ־ א ו י ג ׳ ס האנד־לונגען, אָבער זיי האָבען פאר איהם צופיעל מורא. די קלעפּ הע־רען אויף און דאס שטילע קרעכצען פארגעהט, בעת מיר פּלאַפּלען צווישען זיך און די טרויעריגע דעמערונג שפּריים זיך איבער אונז.

מיר, פאר וועמען די מעהרסטע געשעהענישען זיינען געווען א שפּאַס, האָבען קיינמאָל נישט געלאַכט, בעת ר ו י ט ־ א ו י ג האט געשלאָגען זיינע ווייבער. מיר האָבען צו גוט געוואוסט זייער טראַגעדיע. נישט איינמאָל האָבען מיר אין פריהמאָרגען געפונען

ביים פוס פ׳ון פעלזענבארג דעם קערפער פון זיין לעצטער ווייב. ער האט זי פון דער עפענונג פון זיין הייל אראפגעשליידערט אהין נאכדעם, ווי זי איז געשטארבען. ער האט זיינע מתים קיינמאל נישט באגראבען. די ארבייט אוועקצופיהרען די קערפער, וועלכע וואלטען פאראומרייניגט אונזער וואוינארט, האט ער איבערגעלאזט צו דער הארדע. מיר האבען זיי געוועהנליך אריינגעווארפען אין טייך אריין, אריבער דעם לעצטען טרונק־פלאץ.

נישט נאר האט ר ו י ט ־ א ו י ג געהרג׳עט זיינע ווייבער, נאר ער האט אויך געהרג׳עט אנדערע מענשען, כדי צו קריגען פאר זיך א ווייב. ווען ער האט געוואלט האבען א ניי ווייב און ער האט אויסגעקליבען די פרוי פון אן אנדער מאן, האט ער דעם דאזיגען מאן באלד געטוים. צוויי פון אזעלכע מארדען האב איך אליין געזעהען. די גאנצע הארדע האט דאס געוואוסט, אבער זי האט גארנישט געקאנט טון. מיר האבען נאך אין אונזער הארדע נישט אנטוויקעלט עטוואס אזוינס, וואס זאל האבען א פנים פון א רע־גירונג. מיר האבען געהאט געוויסע מנהגים און מיר האבען אונ־זער גאנצען צארן אויסגעלאזט צו די, וואס האבען געהאט דאס אומגליק איבערצוטרעטען די דאזיגע מנהגים. אזוי, צום ביישפיל, וואלט דער איינער, וואס האט פארשמוצט א טרונק־פלאץ, אטא־קירט געווארען פון יעדען צוזעהער, און דער, וואס האט בכיון גע־געבען א פאלשען אלארם, האט פון אונז אלעמען אריינגעקראגען א היבש ביסעל קלעפ. אבער ר ו י ט ־ א ו י ג האט געטראטען מיט די פיס אלע אונזערע מנהגים און מיר האבען פאר איהם אזוי מורא געהאט, אז מיר זיינען נישט פעהיג געווען אויף א קאלעק־טיווער האנדלונג, וואס איז נויטיג געווען איהם צו באשטראפען.

אין פארלויף פון דעם זעקסטען ווינטער אין אונזער הייל האב איך און ל א נ ג ־ א ו י ע ר אויסגעפונען, אז מיר זיינען ביידע ווירקליך אויסגעוואקסען. נאך פון אנהויב אן האבען מיר זיך געמוזט גוט איינציהען, כדי דורכצושפארען זיך דורך דער שמא־

לער עפענונג פון דער הייל. דאָס איז פונדעסטוועגן געווען פאַר אונז א גרויסע מעלה. עס האָט נישט געלאָזט די גרעסערע מענ־שען אוועקצונעמען פון אונז אונזער הייל. דאָס איז געווען די בעסטע הייל, וואָס מיר האָבען נאָר געקאָנט פאַר זיך ווינשען, די העכסטע אויפ'ן באַרג, די זיכערסטע, און ווינטער־צייט — די קלענסטע און וואַרימסטע.

עס וואָלט, דאַכט זיך, געווען אַן איינפאַכע זאַך פאַר אייניגע פון דער האַרדע ארויסצוטרייבען אונז פון דער הייל און צו פאַר־גרעסערען די עפענונג, אָבער זיי האָבען גאָר וועגען דעם קיינמאָל נישט געטראַכט, וואָס דאָס ווייזט, אויף וועלכער שטופע פון אינ־טעלעקטועלער אַנטוויקלונג זיי האָבען זיך דעמאָלט געפונען. איך און ל א נ ג ־ א ו י ע ר האָבען וועגען דעם אויך נישט גע־טראַכט, ביז וואַנען אונזער שטייגענדיגע גרוים האָט אונז נישט געצוואונגען צו מאַכען דעם אריינגאַנג ברייטער. דאָס האָט פאַ־סירט טיף אין זומער, ווען מיר זיינען פעט געוואָרען פון בעסערער שפייז. מיר האָבען געאַרבייט ביי דעם שפּאַלט פון הייל נאָר צייטענווייז, ווען דאָס האָט זיך אונז גראָד פאַרוואָלט.

צוערשט האָבען מיר מיט די פינגער אויסגעגראָבען די אָפּ־פאַלענדיגע שטיינדלעך, ביז וואַנען די נעגעל האָבען אונז אָנגעהויבען וועה טון; אָבער צופעליג איז מיר עפּעס איינגעפאַלען צו נוצען פאַר דער ארבייט א שטיקעל האָלץ. די ארבייט איז דעמאָלט געגאַנגען גוט. עס האָט אָבער אויך געבראַכט אויף אונז א צרה. איינמאָל אין א פריהמאָרגען האָבען מיר ארויסגעדראַפּעט פון דער וואַנט א היבשען הויפען שטיינדלעך. איך האָב דעם הויפען געגעבען א שאַר אוועק איבער דעם ראַנד פון דעם אריינגאַנג. אין דעם צווייטען מאָמענט האָט זיך פון אונטען דערהערט א ווילד־צאַרנדיגער געשריי. מיר האָבען נישט געדאַרפט ארונטערקוקען. מיר האָבען די שטים שוין צו־גוט געקענט. דאָס גאַנצע מיסט איז ארויפגעפאַלען אויף ר ו י ט ־ א ו י ג.

נידערשלאגען פון שרעק, האבען מיר זיך איינגעקארטשעט אין דער הייל. אין א מינוט ארום איז ער שוין געווען ביים אריינ־גאנג, אריינקוקענדיג צו אונז און אויפגערייצט, ווי א טייוועל, אבער ער איז געווען צו גרוים. ער האט צו אונז נישט געקאנט אריינ־קומען. פלוצלונג איז ער אוועקגעגאנגען. דאס איז געווען פאר־דעכטיג. וועדליג מיר האבען געקענט די נאטור פון אונזערע מיט־מענשען, וואלט ער באדארפט פארבלייבען און אויסלאזען זיין גאנ־צען צארן. איך בין צוגעקראכען צום אריינגאנג און האב ארינ־טערגעקוקט. איך האב געקאנט זעהן, ווי ער האט ווידער אמאל גענומען ארויפשטייגען אויפ'ן בארגיגען ברעג. אין איין האנט האט ער געהאלטען א לאנגען שטעקען. איידער איך האב געקאנט זיך אנשטויסען וועגען זיין פלאן, איז ער שוין געווען ביים אריינ־גאנג און האט ווילד געשטורכעט אין אונז מיט'ן שטעקען.

זיין אנגריף איז געמאכט געווארען מיט א שרעקליכער קראפט. ער וואלט אונז געקאנט ארויסזעצען די געדערים. מיר האבען זיך צוריקגעצויגען צו די זייטען־ווענט, וואוהין ער האט כמעט נישט געקאנט דערגרייכען. ווארפענדיג אבער פלייסיג דעם שטעקען הין און הער, האט ער אונז פון צייט־צו־צייט געטראפען מיט'ן עק און האט אונז אזוי גרויזאם געשטאכען און געריסען, אז ער האט פון אונז אפגעשיילט שטיקער הויט מיט די האר צוזאמען. ווען מיר האבען געשריגען פון וועהטאג, האט ער ארויסגעברומט זיין צופרידענקייט און האט געשטאכען נאך מיט מעהר גבורה.

איך האב אנגעהויבען אריין אין רציחה. איך בין אין יענע טעג געווען זעהר היציג און האב אויך פארמאגט א היבש ביסעל מוט, כאטש דאס איז אין א גרויסער מאס געווען דער מוט פון א ראַץ, וואס איז צוגעשפארט צו א ווינקעל. איך האב זיך אנגע־כאפט מיטביידע הענט אן דעם שטעקען, אבער ער איז געווען אזוי שטארק, אז ער האט מיך אריינגעשלעפט אין דעם שפאלט. ער האט מיך א כאפ געטון מיט זיין לאנגען ארעם און האט מיך גע־

צופט מיט די נעגעל. איך האב זיך ארויסגעריסען פון קלעם און בין צוריק אפגעשפרונגען צו דער זייטען־וואנט, וואו איך בין פאר־העלטניסמעסיג געווען זיכער.

ער האט ווידער אנגעהויבען ווארפען מיט'ן שטעקען און האט מיר דערלאנגט א העפטיגען קלאפ איבער'ן אקסעל. ל א נ ג ־ א ו י ע ר האט גארנישט געטון, א חוץ דעם, וואס ער האט גע־ציטערט פון שרעק און געוואלדעוועט, ווען ער האט געכאפט א קלאפ. איך האב געזוכט א שטעקען צו שטעכען צוריק, איך האב אבער מעהר נישט געפונען, ווי אן עק פון א צווייג, איין צאל דיק און איין פוס לאנג. איך האב עס א ווארף געטון אויף ר ו י ט ־ א ו י ג. עס האט איהם גארנישט אנגעריהרט. ער איז אבער מיטאמאל אריין אין נאך א גרעסערער רציחה דערפאר, וואס איך האב געוואנט איהם צו שלאגען. ער האט אנגעהויבען שטעכען מיט ווילדער קראפט. איך האב געפונען א שטיין און האב אויף איהם א ווארף געטון, טרעפענדיג איהם אין ברוסט.

דאס האט מיר צוגעגעבען מוט. אחוץ דעם בין איך געווען אזוי אויפגעבראכט, ווי ער, און האב פארלארען יעדע שרעק. איך האב אפגעבראכען פון דער וואנט א שטיין. ער האט באדארפט וועגען א צוויי־דריי פונט. איך האב מיט מיין גאנצער קראפט א שליידער געטון דעם שטיין ר ו י ט ־ א ו י ג ' ן אין פנים אריין. דאס האט שיער נישט געמאכט פון איהם אן עק. ער האט זיך א שאקעל געטון אויף צוריק, אראפלאזענדיג דעם שטעקען, און איז כמעט אראפגעפאלען פון בארג.

עס איז געווען א פחד אויף איהם א קוק צו טון. זיין פנים איז געווען באדעקט מיט בלוט און ער האט געברעוועט און גע־קריצט מיט די ציינער, ווי א ווילדער שוויין. ער האט אויסגעווישט דאס בלוט פון די אויגען, האט געכאפט א קוק אויף מיר און גע־נומען ברומען מיט ווילדער רציחה. דער שטעקען זיינער איז פאר־לארען געגאנגען, און ער האט גענומען ארויסרייסען פון פעלזן אפ־

פאלענדיגע שטיינער און זיי ווארפען אויף מיר. דאס האט מיך באזארגט מיט אמוניציע. איך בין איהם נישט געבליבען שולדיג קיין חוב; ער איז געוועו פאר מיר א גוטער שיס־ציל, בעת ער האט מיך געקאנט דערזעהן נאר אויף א ווייל, ווען איך בין ארי־בערגעלאפען צו דער זייטען־וואנט.

פלוצלינג איז ער ווידער פארשוואונדען געווארען. שטעהענ־דיג ביים ראנד פון דער הייל, האב איך געזעהען, ווי ער האט זיך אראפגעלאזט. די גאנצע הארדע האט זיך פארזאמעלט דרויסען און האט אין מורא'דיגער שטילקייט צוגעקוקט, וואס עס קומט פאר. ווען ער האט זיך אראפגעלאזט, זיינען די מעהר שרעקעוודיגע זיך שנעל צעלאפען איבער די היילען. איך האב געקאנט זעהן דעם אלטען מ א ר ד ־ ב י י ן, ווי ער איז מיט וואקלענדיגע טריט אנטלאפען אזוי שנעל, ווי ער האט נאר געקאנט. ר ו י ט ־ א ו י ג האט זיך א יאג געטון פון דער וואנט און איז די לעצטע צוואנציג פוס דורך אין דער לופטען. ער האט זיך אפגעשטעלט לעבען א מוטער, וועלכע האט נאר וואס אנגעהויבען איהר וועג בארג־ארויף. זי האט גענומען שרייען פון שרעק און דאס צוויי־יאריגע קינד, וואס האט זיך פעסט אנגעהאלטען אן איהר, האט אפגעלאזט די הענטלעך און האט זיך אראפגעקייקעלט צו ר ו י ט ־ א ו י ג 'ס פיס. אי ער און אי די מוטער האבען זיך א לאז געטון צום קינד, אבער ער האט עס באקומען. אין דעם צווייטען מאמענט איז דאס שוואכע קערפערל שוין געפלויגען אין דער לופטען און איז צע־שמעטערט געווארען, אפשלאגענדיג זיך אן דער וואנט. די מוטער איז צו איהם צוגעלאפען, האט עס א כאפ געטון אויף די הענט און האט מיט א געוויין זיך אריבערגעבויגען איבער איהם.

ר ו י ט ־א ו י ג האט זיך ארויסגעלאזט ווייטער צו זוכען דעם שטעקען. דער אלטער מ א ר ד ־ ב י י ן איז, טרייסלענדיג זיך, אוועקגעלאפען פון איהם. ר ו י ט ־ א ו י ג האט אויסגע־שטרעקט זיין גרויסע האנט און האט איהם פון הינטען ארום א כאפ

געטוןביים נאקען. איך האב ערוואַרט, אַז אט־אַט וועט ער איהם איבערברעכען דעם נאקען. מ א ר ד ־ ב י י ן האט זיך אײנגאַנצען אייגגעצויגען, אונטערוואַרפענדיג זיך זיין מזל. ר ו י ט ־ א ו י ג האט אַ ווייל געוויינערט און מ א ר ד ־ ב י י ן האט אין שרעקליבער ציטערניש אייגגעבויגען דעם קאָפּ און האט מיט איבערגעלייגטע הענט פאַרדעקט דאָס געזיכט. ר ו י ט ־ א ו י ג האט איהם אַ שליידער געטון מיט'ן פנים צו דער ערד. דער אַלטער מ א ר ד ־ ב י י ן האט זיך ניט געוועהרט. ער איז געלעגען אויף דער ערד און האט געשריגען אין טויט־שרעק. איך האב געזעהען דעם ה א ר ל א ז ע ן, שטעהענדיג אויפ'ן אָפענעם פּלאַץ, קלאַ־ פּענדיג זיך מיט די הענט אין דער ברוסט, מיט אויפגעשטעלטע האָר און מורא האבענדיג צוצוקומען נעהענטער. אבער ר ו י ט ־ א ו י ג, פאָלגענדיג עפּעס אַ קאַפּריז פון זיין טונקעלער נשמה, האט איבערגעלאָזט דעם אַלטען מאַן, איז אוועק ווייטער און האט געפונען דעם שטעקען.

ער האט זיך צוריקגעקערט צו דער וואַנט און אָנגעהויבען אַרויפקלעטערען. ל א נ ג ־ א ו י ע ר, וועלכער האט די גאַנצע צייט געציטערט און געקוקט אַלץ אויף מיר, איז צוריק אַריין אין הייל. עס איז געווען קלאָר, אַז ר ו י ט ־ א ו י ג האט זיך פאַר־ לייגט צו מאַכען פון אונז אַ סוף. איך בין געווען פאַרצווייפעלט, אויפגערייצט און אין דער זעלביגער צייט גאַנץ באַרעכענט. לויפענ־ דיג היין און צוריק איבער די נאָהענטסטע אָפּשטאַנדען, האב איך אָנגעלייגט ביים אַריינגאַנג פון דער הייל אַ הויפען שטיינער. ר ו י ט ־ א ו י ג האט זיך איצט געפונען אויף עטליכע איילען אונטער מיר. פאַרשטעלט אויף אַ ווייל דורך אַן אָפּשטאַנד פון פעלזן. קלעטערענדיג ווייטער, האט ער אַרויסגעשטעקט דעם קאָפּ און איך האב אַראָפּגעשליידערט אויף איהם אַ שטיין. איך האב פאַרפעלט איהם צו טרעפען און דער שטיין האט זיך אָפּגעשלאָגען אַן דער וואַנט און איז צעשמעטערט געוואָרען. דער וואָלקען פון שטויב און זאַמד, וואָס האט זיך אויפגעהויבען פון דעם פאַלענ־

דיגען שטיין, האט איהם פארשאטען די אויגען און ער איז ווידער פון מיר פארשוואונדען געווארען.

פון דער הארדע, וועלכע האט זיך געפונען אונטען, שפילענדיג די ראל פון צוזעהער, האט זיך דערהערט א געלעכטער און א פלאפ־לעריי. ענדליך האט זיך געפונען איינער צווישען זיי, װאס האט געוואגט זיך שטעלען קעגען ר ו י ט ־ א ו י ג, ווען די דאזיגע געשרייען פון אנערקענונג און לויב האבען אפגעהילכט אין דער לופט, האט ר ו י ט ־ א ו י ג אראפגעברומט צו זיי — און זיי זיינען אלע גלייך אנטשוויגען געווארען. דערמוטיגט פון דעם דאָ־זיגען באווייז פון זיין קראפט, האט ער ווידער ארויסגעשטעקט צו מיר דעם קאפ און האט זיך אויף מיר געכמורעט, האט געברומט און געקריצט מיט זיינע פ א נ ג ־ צ י י ה ן, וועלענדיג מיך דער־מיט אנשרעקען. זיין כמורען זיך איז געווען שרעקליך: ער האט אראפגעצויגען דעם סקאלפ איבער די ברעמען, אראפברייננענדיג דערמיט די האר פונ'ם שפיץ קאפ אזוי, אז יעדע האר איז געשטא־נען באזונדער און האט, ווי א שפיזעל, ארויסגעשטארצט פאראוים.

איך האב אויפגעשוידערט. איך האב אבער באלד באהערשט מיין שרעק און האב, האלטענדיג א שטיין אין דער האנט, איהם געסטראשעט צוריק. ער האט נאך אלץ געפרואווט צוצוקומען נע־הענטער. איך האב אראפגעווארפען אויף איהם דעם שטיין און האב נישט געטראפען. דער צווייטער ווארף איז מיר געלונגען. דער שטיין האט איהם געטראפען אין געניק. ער האט זיך געקיי־קעלט אראפ פון בארג און איך האב געקאנט זעהן, ווי ער האט מיט איין האנט געזוכט אן אנהאלט אן דער וואנט און מיט דער אנדע־רער זיך איינגעקלעמט אין האלז. ער האט ארויסגעלאזט פון האנט דעם שטעקען, וועלכער איז מיט א קלאפעריי אויך געפאלען אראפ פון בארג.

איך האב איהם שוין מעהר נישט געקאנט זעהן, כאטש איך האב געהערט, ווי ער האט זיך געשטיקט, געווארגען און געהוסט.

די צוזעהער זיינען געשטאנען שטיל, ווי דער טויט. איך האב זיך איינגעקארטשעט ביים אריינגאנג פון הייל און האב גע־ווארט. ער האט אויפגעהערט זיך שטיקען און איך האב געקאנט הערען, ווי ער הוסט זיך פון צייט־צו־צייט אפּ. אין א קורצער צייט ארום האט ער אנגעהויבען אראפּקלעטערען פון בארג. ער איז נעגאנגען זעהר שטיל און האט זיך יעדע ווייל אפּגעשטעלט אויס־צוציהען דעם האלז אדער אנצוטאפּען איהם מיט דער האנט.

דערזעהענדיג, ווי ער לאזט זיך אראפּ, האט די גאנצע הארדע מיט ווילדע געשרייען און גוואלדען זיך געלאזט אין פּאנישער שרעק לויפען אין וואלד אריין. דער אלטער מ א ר ך ־ ב י י ן האט, אונטערהינקענדיג און טרייסלענדיג זיך, געפאלגט נאך זיי. ר ו י ט ־ א ו י ג האט זיך אויף דעם גארנישט אומגעקוקט. ווען ער האט דערגרייכט דעם באדען, איז ער ארומגעגאנגען צופוסענס פון בארג, האט דערנאך צוריק ארויפגעקלעטערט און איז אריין צו זיך אין הייל. ער האט זיך קיין איין מאל נישט אומגע־קוקט.

איך האב א קוק געטון אויף ל א נ ג ־ א ו י ע ר און ער האט אויף מיר צוריק א קוק געטון. מיר האבען איינער דעם אנ־דערען פארשטאנען. מיר האבען באלד נאך דעם אנגעהויבען מיט דער גרעסטער פארזיכט און רוהיגקייט ארויפקלעטערען אויפ'ן בארג. ווען מיר האבען דערגרייכט דעם סאמע שפּיץ, האבען מיר זיך אומגעקוקט. דער גאנצער פּלאץ ארום איז געווען לעדיג, ר ו י ט ־ א ו י ג איז פארבליבען אין זיין הייל און די הארדע איז פאר־שוואונדען אין דער טיפעניש פון וואלד.

מיר האבען זיך אומגעקערט און גענומען לויפען. מיר זיינען געלאפען מיט אימפעט איבער די אפענע פלעצער און איבער די בערגלעך, גארנישט קימערענדיג זיך וועגען דעם, טאמער זיינען פאראן שלאנגען אין גראז, ביז וואנען מיר האבען דערגרייכט די וועלדער. מיר זיינען ארויף אויף די בוימער און געלאפען אלץ

ווייטער און ווייטער, אריבערוויגענדיג זיך פון בוים־צו־בוים, ביז וואנען עס איז צווישען אונז און די הייל'ען געווען א מהלך פון מייל'ען. און ערשט דעמאלט האבען מיר זיך אפגעשטעלט אין דער זיכערקייט פון א גרויסען אפצווייג, האבען געקוקט איינער אויפ'ן אנדערען און אנגעהויבען לאכען. מיר האבען זיך אנגעהאלטען איינער אן דעם אנדערען מיט די הענט און מיט די פיס, פון די אויגען האבען זיך ביי אונז געגאסען טרערען, עס האבען אונז וועה געטוהן די זייטען, און מיר האבען געלאכט, געלאכט, געלאכט...

## צעהנטער קאַפּיטעל

נאָכדעם, ווי מיר האָבען זיך גוט אויסגעלאַכט, האָבען מיר זיך פאַרקירעוועט צוריק און האָבען באַקומען פאַר זיך אַנבייסען אין דעם יאַגדעס־זומפּ. דאָס איז געווען דער זעלביגער זומפּ, צו וועלכען איך האָב אין דער באַלייטונג פון מיין מוטער מיט יאָרען צוריק געמאַכט מיין ערשטע רייזע איבער דער וועלט. פאַר דער דאָזיגער גאַנצער צייט האָב איך זי ווייניג וואָס געזעהען. ווען זי פלעגט אַמאָל באַזוכען די האָרדע אין די היילען, בין איך געווענליך געווען אוועק אין וואַלד, איך האָב איינמאָל אָדער צוויי מאָל געזעהען דעם פ ל ו י ד ע ר ע ר אין דעם אָפענעם פּלאַץ און האָב געהאַט דאָס פאַרגעניגען צו מאַכען צו איהם גרימאַסען און אויפרייצען איהם פון דער עפענונג פון מיין הייל. אַחוץ אַזעלכע ליבליכקייטען האָב איך פולשטענדיג געלאָזט מיין פאַמיליע צו רוה. איך האָב זיך מיט איהר ווייניג וואָס אינטערעסירט; איך בין זעהר גוט אויסגעקומען איינער אַליין.

נאָכדעם, ווי מיר האָבען זיך אָנגעגעסען צו דער זאַט מיט יאַגדעס און פאַרביסען מיט נישט־איינגאַנצען־אויסגעבריהטע וואַכטעל־אייער, האָבען מיר מיט פאַרזיכט זיך וועקגעלאָזט איבער'ן וואַלד צום טייך־צו. אָט־דאָ איז דער בוים, וואו עס איז געווען מיין אַלטע היים און פון וואַנען דער פ ל ו י ד ע ר ע ר האָט מיך אַרויסגעוואָרפען. דער בוים איז נאָך אַלץ געווען פאַרנומען. די פאַמיליע איז גרעסער געוואָרען. א קליין קינד האָט זיך שטייף געטוליעט צו מיין מוטער. עס איז דאָרט אויך געווען א כמעט

דערוואקסען מיידעל, וועלכע האט נישט־צוטרויליך אונז באטראכט פון איינעם פון די נידעריגע צווייגען. זי איז, ווייזט אויס, געווען מיין שוועסטער, אדער ניכער, מיין שטיף־שוועסטער.

מיין מוטער האט מיך דערקענט. ווען איך האב אבער אנגע־הויבען ארויפקלעטערען אויפ'ן בוים, האט זי מיר באפוילען אוועק־צוגעהן. ל א נ ג ־ א ו י ע ר, וועלכער איז געווען פיעל פאר־זיכטיגער, איידער איך, האט זיך גלייך אפגעטראגען און איך האב איהם גאר נישט געקאנט באוועגען צוריקצוקערען זיך. שפעטער אבער האט זיך מיין שוועסטער ארואפגעלאזט אויף דער ערד און מיר האבען א גאנצען נאכמיטאג געשטיפט און זיך געשפילט אויף די ארומיגע בוימער. און דעמאלט איז געקומען אויף אונז א צרה. זי איז געווען מיין שוועסטער, אבער דאס האט איהר נישט גע־שטערט צו באהאנדלען מיך אויף א מיאוס'ען אופן, ווייל זי האט געעירש'נט די גאנצע רשעת פון דעם פ ל ו י ד ע ר ע ר. זי האט פלוצלינג זיך געווענדט צו מיר מיט כעס און האט מיך גענומען דראפען, רייסען פאר די האר, און האט מיט איהרע שארפע צייהנד־לעך זיך טיף איינגעביסען אין מיין ארעם. איך בין ארויס פון די כלים. איך האב זי גראד נישט צע'ממית'ט, איך האב איהר אבער געגעבען די גרעסטע שמיץ, וואס זי האט אמאל געקראגען.

נו, האט זי זיך דאס אביסעל צעגוואלדעוועט און געמאכט קולות! דער פ ל ו י ד ע ר ע ר, וועלכער איז דעם גאנצען טאג געווען אוועק און איז גראד דעמאלט צוריקגעקומען, האט דערהערט די געשרייען און האט זיך א לאז געטון אין דער דאזיגער ריכטונג. מיין מוטער האט זיך אויך א לאז געטון צו אונז און איז אנגעקו־מען די ערשטע. איך און ל א נ ג ־ א ו י ע ר האבען אויף איהם נישט געווארט. מיר זיינען אוועק איבער די בוימער און דער פ ל ו י ד ע ר ע ר האט פון אונז שיער נישט ארויסגעיאגט די נשמה.

נאכדעם, ווי דאס געיעג איז פאראיבער און איך און ל א נ ג ־

א ו י ע ר האבען זיך גוט אויסגעלאכט, האבען מיר באמערקט, אז עס איז שוין פארנאכט. אט קומט אן די נאכט מיט אלע איהרע שרעקנס, און וועגען צוריקקערען זיך אין די היילען האבען מיר גארנישט געקאנט טראכטען. ר ו י ט - א ו י ג האט דאס גע־מאכט פאר אן אוממעגליכקייט. מיר האבען געפונען א באהעלטע־ניש אויף א בוים, וואס איז געשטאנען באזונדער פון אנדערע ביימער, און האבען דארט אויף א הויכען אפצווייג פארבראכט די נאכט. עס איז געווען אן אומגליקליכע נאכט. אין די ערשטע עטליכע שטונדען האט שטארק גערעגענט, דערנאך איז געווארען קאלט און א קאלטער ווינט האט געבלאזען אויף אונז. דורכגע־ווייקטע, ציטערענדיג און קנאקענדיג מיט די ציינער, האבען מיר זיך געטוליעט איינער צום אנדערען. עס האט אונז געפעלט די היימליכע טרוקענע הייל, וועלכע פלעגט זיך אזוי שנעל אנווארימען דורך דער ווארימקייט פון אונזערע קערפער.

ווען דער פריהמארגען איז אנגעקומען, זיינען מיר געווען דער־שלאגען, אין א צרה'דיגען צושטאנד און אין דערזעלביגער צייט פעסט אנטשלאסען צו טון עפעס פאר זיך. מיר האבען אן אנדער נאכט אזא נישט געוואלט האבען. דערמאנענדיג זיך, ווי אונזערע עלטערען האבען געוואוינט אויף די ביימער, האבען מיר זיך גענו־מען צו דער ארבייט צו מאכען פאר זיך אזא היים. מיר האבען אויפגעבויט א מין גראבע נעסט און האבען אפילו באקומען אויף די העכערע צווייגען עטליכע קווער־באלקענס פאר דעם דאך.

די זון איז אויפגעגאנגען און מיר האבען אונטער איהר גוטי־גער ווירקונג פארגעסען אן די צרות פון דער נאכט און האבען זיך אוועקגעלאזט צו זוכען פאר זיך אנבייסען. שפעטער האבען מיר זיך ארייננגעלאזט אין שפילעריי, אויף אזוי פיעל זיינען מיר אין יענער צייט נישט געווען אויסגעהאלטען. עס האט אונז גענומען א חודש צייט, ארבייטענדיג מיט הפסקות, צו מאכען אונ־זער וואוינונג אויפ'ן בוים; און נאכדעם, ווי אלץ איז שוין

פארטיג געווארען, האבען מיר זי שוין מעהר קיינמאל נישט גע־נוצט.

אבער איך בין פארלאפען פאראויס אין מיין דערצעהלונג. ווען מיר האבען אויף דעם צווייטען טאג פון אונזער פארלאזען די הייל זיך ארייננעלאזט נאכ'ן אנבייסען און שפילעריי, האט ל א נ ג־א ו י ע ר פאריאגט מיך איבער די בוימער אראפצו צום טייך. מיר זיינען ארויסגעקומען אויף א פלאץ, וואו א גרויסע זומפ־גרוב, א פארטזעצונג פון דעם יאגדעס־זומפ, האט זיך ארייגגע־שניטען אין טייך אריין. די עפענונג פון זומפ איז געווען א ברייטע, בעת דער זומפ אליין האט גארנישט געהאט קיין שטראם. אין דעם דאזיגען שטעהענדיגען וואסער, אין דער סאמע עפענונג פון זומפ, זיינען געלעגען צונויפגעוואלגערט פיעל בוימער־שטאמען. אייניגע פון זיי זיינען פון די פארפלייצונגען און פון דעם, וואס זיי האבען לאנגע זומערם געשטעקט אין די קופעס אנגעטראגענעם זאמד, געווען איינגעדארט, טרוקען און אהן צווייגען. ווען מיר האבען זיך אויף זיי אפגעשטעלט, האבען זיי אנגעהויבען שווימען, זיך געוויגט ארויף און אראפ, אדער זיך איבערגעקערט.

דא און דארט צווישען די שטאמען האט זיך געזעהען דאס וואסער, אין וועלכען עס האבען זיך געווארפען מחנות קליינע פישלעך. איך און ל א נ ג־א ו י ע ר זיינען גלייך געווארען פישערלייט. מיר האבען זיך אוועקגעלאזט אויף די קלעצער און רוהיג געווארט, ביז וואנען די פישלעך וועלען צוקומען נאהענט צו אונז, און דעמאלט האבען מיר זיי שנעל געכאפט מיט די הענט. מיר האבען אונזער רויב, וואס איז געווען פייכט און האט זיך גע־ווארפען אין אונזערע הענט, אויפגעגעסען גלייך אויפ'ן ארט. מיר האבען גארנישט באמערקט דאס פעהלען פון זאלץ.

די עפענונג פון דער זומפ־גרוב איז געווארען אונזער באליב־טער שפיל־פלאץ. מיר האבען דארט יעדען טאג פארבראכט פיעל שטונדען, כאפענדיג פיש און שפילענדיג זיך אויף די קלעצער, און

איינמאָל האָבען מיר דאָרט געלערנט אונזערע ערשטע לעקציעס אין נאַווינאַציע. די קלאָץ, אויף וועלכער ל א נ ג ־ א ו י ע ר איז געלעגען, האָט אָנגעהויבען אוועקשווימען. ער איז געלעגען אויף דער זייט און געשלאָפען. א לייכט ווינטעל האָט לאַנג־זאַם אוועקגעשטויסען די קלאָץ פון ברעג, און ווען איך האָב דאָס באַמערקט, איז שוין די דיסטאַנץ צווישען דער קלאָץ און דעם ברעג געווען צו־גרויס, אַז ל א נ ג ־ א ו י ע ר זאָל קאָנען אַרויס־בערשפּרינגען.

אין אָנהויב האָט דער גאַנצער עפּיזאָד אויסגעזעהען פאַר מיר מעהר נישט, ווי א שפּאַס. ווען עס האָט זיך אָבער א ריהר געטון אין מיר איינער פון יענע טונקעלע אימפּולסען פון שרעק, וועלכע זיינען געווען א געוועהנליכע זאַך אין יענער צייט פון שטענדיגער אומזיכערקייט, בין איך דורכגענומען געוואָרען מיט א געפיהל פון איינזאַמקייט. איך האָב פּלוצלינג באַגריפען לאנג־אויער'ס דערווייטערונג אויף עטליכע פוס איבער דעם פרעמדען עלעמענט. איך האָב אויסגערופען צו איהם א הויכען וואָרנונג־געשריי. ער האָט זיך אויפגעכאַפּט א דערשראָקענער און האָט זיך געשווינד איבערגעדרעהט אויף דער קלאָץ. די קלאָץ האָט זיך געגעבען א קער איבער און האָט איהם אונטערגעטונקען. ער האָט זיך אַזוי אונטערגעטונקען דריי מאָל נאָכאַנאַנד, בעת ער האָט געפּרואווט אַרויפקלעטערען צוריק. צום סוף איז דאָס איהם געלונגען און ער האָט שרייענדיג פון שרעק, זיך איינגעקאָרטשעט, זיצענדיג אויף דער קלאָץ.

איך האָב גאָרנישט געקאָנט טון. און דאָס זעלביגע איז גע־ווען מיט איהם. שווימען האָבען מיר נישט געקענט. מיר זיינען שוין צו־ווייט אוועק פון די נידעריגערע לעבענס־פאָרמען, אַז מיר זאָלען האָבען דעם אינסטינקט פון שווימען, און מיר זיינען נאָך נישט געוואָרען גענוג מענשען, אַז מיר זאָלען דאָס אונטערנעמען, ווי דאָס לעזען פון א פּראָבלעם. איך האָב אַרומגעבראָדזשעט א

נידערגעשלאגענער היין און צוריק איבער׳ן ברעג, האלטענדיג זיך ווי נאר מעגליך נאהענט פון איהם אין זיין נישט־ווילענדיגער רייזע. אין דער זעלבינער צייט האט ער געהאלטען אין איין קלאגען און שרייען, און עס איז מיר געווען א חידוש, וואס ער האט מיט זיין גוואלדעווען נישט אראפגעבראכט אויף אונז יעדע רויב־חיה אויף א מייל ארום אונז.

די צייט איז געלאפען. די זון האט זיך אויפגעהויבען הויך אויפ׳ן הימעל און האט אנגעהויבען אראפלאזען זיך צו מערב. דאס לייכטע ווינטעל איז פארשטילט געווארען און האט איבער־געלאזט ל א נ ג ־ א ו י ע ר אויף דער קלאץ, וועלכע איז שוין געווען אפגעשוואומען א הונדערט פוס פון ברעג. און דעמאלט האט ל א נ ג ־ א ו י ע ר געמאכט, כ׳ווייס נישט ווי אזוי, די גרויסע אנטדעקונג. ער האט אנגעהויבען רודערען מיט די הענט. אין אנהויב האט ער זיך באוועגט לאנגזאם און נישט רעגעלמעסיג. דערנאך האט ער זיך אויסגעגלייכט און אנגעהויבען פלייסיג רודע־רען, צופיהרענדיג דערמיט די קלאץ אלץ נעהענטער און נעהענטער צום ברעג. איך האב גארנישט געקאנט פארשטעהן. איך האב זיך אוועקגעזעצט און גענומען קוקען און ווארטען, ביז וואנען ער האט דערגרייכט דעם ברעג.

אבער ער האט אויסגעפונען עטוואס אזוינס, וואס איז געווען פיעל מעהר, ווי איך האב געטון. שפעטער, נאכמיטאג איז ער ווידער ארויף אויף דער קלאץ און איז מיט זיין אייגענעם ווילען אפגעשוואומען פון ברעג. דערנאך האט ער מיך אויך איינגערעדט צוצושטעהן צו איהם, און איך האב זיך אויך אויסגעלערנט די קונץ פון רודערען. אין די קומענדיגע עטליכע טעג האבען מיר זיך גארנישט געקאנט אוועקרייסען פון דער זומפ־גרוב. מיר זיינען גע־ווען אזוי ארייגעטון אין אונזער שפיל, אז מיר האבען כמעט פאר־נאכלעסיגט דאס עסען. מיר זיינען אפילו אויף נאכטלעגער ארויף אויף א דערבייאיגען בוים. און מיר האבען גאר פארגעסען, אז עס איז פאראן אויף דער וועלט א ר ו י ט ־ א ו י ג.

מיר האבען אלע מאל אויסגעפּרואווט נייע קלעצער און האבען זיך דערוואוסט, אז וואס קלענער די קלאץ, אלץ שנעלער האבען מיר זי געקאנט לאזען געהן. מיר האבען זיך אויך דערוואוסט, אז וואס קלענער די קלאץ, אלץ לייכטער קאן זי זיך איבערקערען און אונטערטונקען אונז אין וואסער. און נאך א זאך האבען מיר זיך דערוואוסט וועגען קליינע קלעצער. איינמאל איז יעדערער פון אונז געלעגען אויף א באזונדערער קלאץ און האט גערודערט; אונזערע קלעצער זיינען געשוואומען איינע לעבען דער אנדערער. און מיר האבען אין לויף פון שפּיל צופעליג אויסגעפונען, אז ווען יעדערער פון אונז האט מיט איין פוס און מיט איין האנט זיך אנגעהאלטען אן דעם אנדערענ'ס קלאץ, האבען די קלעצער זיך באוועגט זיכערער און האבען זיך נישט איבערגעקערט. ליגענדיג זייט־ביי־זייט אין דער דאזיגער פּאזיציע, זיינען אונזערע הענט און פיס, וואס זיינען אראפּגעהאנגען פון די קלעצער, געווען פריי צו רודערען. אונזער לעצטע אנטדעקונג איז געווען, אז די דאזיגע איינארדענונג האט אונז געגעבען א מעגליכקייט צו נוצען נאך קלענערע קלעצער און צו דערגרייכען דערמיט נאך א גרעסערע שנעלקייט. און דא האבען אונזערע אנטדעקונגען זיך אפּגעשטעלט. מיר האבען ערפונדען די פּרימיטיווסטע פּליט און מיר האבען נישט געהאט גענוג שכל דאס צו וויסען. עס איז אונז גאר קיינמאל נישט ארויף אויפ'ן זינען צוזאמענצובינדען די קלעצער מיט שטייפע וויינשטענגלעך אדער דינע ווארצלען. עס איז פאר אונז גאנץ גוט געווען צו־צוזאמענצוהאלטען די קלעצער מיט אונזערע הענט און פיס.

ערשט, ווען אונזער ערשטע באגייסטערונג צו נאוויגאציע איז פאראיבער און מיר האבען אנגעהויבען צוריקקערען זיך אויף נאכטלעגער צו אונזער היים אויפ'ן בוים, האבען מיר דעמאלט געפונען די ג ר י נ ג ־ פ י ס י ג ע. איך האב זי געזעהען דאס ערשטע מאל, בעת זי האט געריסען יונגע חזיר־ניסלעך פון די צווייגען פון א גרויסען דעמב. וואס איז געשטאנען נאהענט פון אונזער בוים. זי איז געווען זעהר שרעקע דיג. אין אנהויב האט זי זיך געהאל־

מען זעהר שטיל; ווען זי האט אבער דערזעהען, אז מען האט זי אנטדעקט, איז זי אראפ אויף דער ערד און האט זיך אוועקגעלאזט אין א ווילדען געלאף. מיר פלעגען זי צופעליג זעהן פון טאג־צו־טאג און פלעגען זי זוכען, בעת מיר זיינען ארומגעגאנגען הין און צוריק צווישען אונזער בוים און דער זומפ־גרוב.

און איינמאל האט געטראפען, אז זי איז פון אונז מעהר נישט אוועקגעלאפען. זי האט געווארט אויף אונזער אנקומען און האט ארויסגעלאזט ווייכע פריידליכע קלאנגען. מיר האבען פונדעסט־וועגען נישט געקאנט צוקומען זעהר נאהענט. ווען מיר האבען זיך צופיעל דערנעהענטערט צו איהר, איז זי מיט אמאל שנעל אוועק־געלאפען און האט פון א זיכערער דיסטאנץ ווידער ארויסגעלאזט די ווייכע קלאנגען. דאס זעלביגע איז פארגעקומען עטליכע טעג נאכאנאנד. עס האט אונז גענומען א לאנגע צייט צו באקענען זיך מיט איהר, אבער ענדליך איז דאס געשעהען און זי איז צייטענווייז צוגעשטאנען צו אונזער שפיל.

זי איז מיר גלייך פון אנהויב געפעלען געווארען. זי האט געהאט א זעהר אנגענעם אויסזעהן. זי איז געווען זעהר צערטליך. איהרע אויגען זיינען געווען די צערטליכסטע, וואס איך האב אמאל געזעהען. אין דער דאזיגער הינזיכט איז זי גארנישט געווען עהנ־ליך צו די איבעריגע מיידלעך און פרויען פון דער הארדע, וועלכע זיינען געווען צאנקערישע ווילדע נאטורען. זי האט קיינמאל נישט ארויסגעלאזט קיין בייזע צארנדיגע געשרייען און עס האט אויס־געזעהען, אז עס איז אין איהר כאראקטער בעסער צו אנטלויפען פון א צרה, איידער צו פארבלייבען און קעמפען.

די צערטליכקייט, וואס איך האב נאר וואס דערמאנט, האט, דאכט זיך, ארויסגעשטראמט פון איהר גאנצען וועזען. דאס האט צוגעגעבען א באזונדערען אנבליק צו איהר קערפער, ווי אויך צו איהר געזיכט. די אויגען זיינען ביי איהר געווען גרעסער, ווי ביי די מעהרסטע פון איהר מין, און זיינען נישט געווען אזוי טיף־אריינגעזעצט, בעת די וויהעס זיינען ביי איהר געווען לענגער און

רענעלמעסינער. אויך איז איהר נאז נישט געווען אזוי דיק און צונעפלאטשט. איהר נאז האט מעהר־וועניגער געהאט א רוקען און די נאזלעכער האבען זיך געעפענט פון אונטען. איהרע שנייד־ציינער זיינען נישט געווען גרויס, איהר אויבערשטע ליפ איז נישט געווען לאנג און איז נישט אראפגעהאנגען און איהר אונטערשטע ליפ האט נישט ארויסגעשטעקט פאראויס. זי איז נישט געווען זעהר האריג; זי איז מעהר נישט געווען באדעקט מיט האר, ווי נאר אויף דער אויסערליכער זייט פון איהרע הענט און פיס און איבער די אקסלען; זי האט געהאט דינע היפטען און די דיקע טיילען פון איהרע פיס זיינען נישט געווען אויסגעדרעהט און קני־פעלדיג.

אומקוקענדיג זיך מיט דער הילף פון מיינע חלומות צוריק אויף איהר פון דעם צוואנציגסטען יאהרהונדערט, האב איך אפטמאל געטראכט, אז זי איז אפשר געווען אין קרוב'שאפט מיט די פ י י ע ר ־ מ ע נ ש ע ן. איהר פאטער אדער איהר מוטער האבען דאך געקאנט ארויסקומען פון דעם דאזיגען העכערען שטאם. און כאטש אזעלכע זאכען זיינען דעמאלט נישט געווען קיין געוועהנליכע ערשיינונג, פלעגען זיי פונדעסטוועגען פאסירען, און איך האב דאס אליין צוגעזעהען מיט מיינע אייגענע אויגען; עס האט אפילו געטראפען, אז די מיטגלידער פון דער הארדע זיינען געוואָרען רענעגאטען און זיינען אוועק צו לעבען מיט דעם ב ו י ם־פ א ל ק.

ווי די זאך זאל נישט זיין, איז אבער די ג ר י נ ג ־ פ י ס י ג ע געווען גאנץ פארשיידען פון אלע פרויען פון דער הארדע און זי איז מיר גלייך פון אנהויב געפעלען געוואָרען. איהר צערט־ליכקייט און ליבליכקייט האבען מיך צוגעצויגען. זי איז קיינמאל נישט געווען גראב און האט זיך קיינמאל נישט געשלאגען. זי איז שטענדיג אוועקגעלאפען און זאל דא טאקע באמערקט ווערען די באדייטונג פון איהר נאמען. זי איז געווען א בעסערע קלעטערין.

איידער ל א נ ג ־ א ו י ע ר און איך. ווען מיר האבען זיך גע־שפילט אין צעק־שפיל, האבען מיר זי קיינמאל נישט געקאנט כא־פען, סיידען נאר דורך א צופאל, בעת זי האט אונז לייכט געקאנט כאפען. זי איז געווען מערקווירדיג פלינק אין אלע איהרע באווע־גונגען און איהר זעלטענע פעהיגקייט אפצושאצען א דיסטאנץ האט זיך געקאנט פארגלייכען נאר מיט איהר געוואנטקייט.

אויסערגעוועהנליך שרעקעודיג אין אלע אנדערע הינזיכטען, איז זי געווען אומדערשראקען. ווען עס איז געקומען צו קלעטערען אדער צו לויפען איבער די בוימער, און איך און ל א נ ג ־ א ו י ע ר זיינען אין פארגלייך מיט איהר געווען אומגעשיקטע און אומגע־לומפערטע פייגלינגען.

זי איז געווען א יתומה. מיר האבען זי קיינמאל נישט גע־זעהען מיט עמיצען אנדערש, און מיר האבען נישט געקאנט זיך דערוויסען, ווי לאנג זי האט אזוי געלעבט איינע אליין אויף דער וועלט. זי האט געמוזט לערנען נאך אין איהר פריהער הילפלאזער קינדהייט, אז די זיכערקייט ליגט נאר אין אנטלויפען. זי איז געווען זעהר קלוג און זעהר פארזיכטיג. עס איז ביי מיר און ביי ל א נ ג ־ א ו י ע ר געווארען א מין שפיל צו פרואווען אויס־געפינען, וואו זי האט געוואוינט. עס איז געווען זיכער, אז זי האט נישט ווייט פון אונז ערגעץ אויף א בוים געהאט א היים; אבער ווי מיר האבען זי נישט נאכגעשפירט, האבען מיר זי בשום אופן נישט געקאנט געפינען. זי איז בייטאג גאנץ גערן צונעשטאנען צו אונזער שפיל, אבער דעם סוד פון איהר וואוינארט האט זי אייפעריג אפגעהיט פון אונז.

## עלפטער קאַפּיטעל

איהר מוזט גערענקען, אַז די באַשרייבונגען פון דער גרינג־פיסיגער, וועלכע איך האָב נאָר וואָס געגעבען, איז נישט די באַשרייבונג, וועלכע עס וואָלט געגעבען גרויס־צאָהן, דער צווייטער „איך" פון מיינע חלומות, מיין פּאַרהיסטאָרישער אור־פאָטער. עס איז נאָר מיט דער הילף פון מיינע חלומות, וואָס איך, דער מאָדערנער מענש, קוק און זעה מיט די אויגען פון גרויס־־צאָהן.

דאָס זעלביגע קומט פאָר אין פיעל געשעהענישען פון יענער ווייטער צייט, וועגען וועלכער איך דערצייל דאָ. אין מיינע איינ־דרוקען איז פאַראַן אַ מין דואַליזם, וועלכען איך וויל נישט צוליב זיין פּלאַנטערנדיש אַרויפצווינגען אויף מיינע לעזער. איך וועל נאָר דאָ אַ ווייל זיך אָפּשטעלען, כדי אנצואווייזען אויף דעם דאָזיגען דואַליזם, אויף דער דאָזיגער ווירוואַרישער אויסמישונג פון מיין פּערזענליכקייט. איך, דער מאָדערנער מענש, קוק זיך דאָס אום צוריק אויף יאָהרהונדערט'ער און וועג און אַנאַליזיר די עמאָציעס און די מאָטיוון פון גרויס־צאָהן, מיין צווייטען „איך". ער אליין האָט זיך דערמיט נישט פאַרנומען. ער איז געווען די פּשוט'קייט אליין. ער האָט דורכגעלעבט אלערליי פּאַסירונגען און האָט זיך גאָר קיינמאָל נישט פאַרטראַכט, וואָרום ער האָט זיי דורכ־געלעבט אויף זיין באַזונדערען און אָפּטמאָל בלאָנדזשענדיגען שטייגער.

ווען מיין ווירקליכער „איך" איז געוואָרען עלטער, האָט ער אַלץ מעהר און מעהר גענומען אריינטרעטען אין דער מיט פון מיינע חלומות. מען קאָן זעהן א חלום און בשעת מעשה וויסען, אז עס איז א חלום, און אויב דאָס איז א שלעכטער חלום, זיך טרייסטען מיט'ן געדאַנק, אז עס איז דאָך נישט מעהר, ווי א חלום. די דאָזיגע ערפאַרונג האָט געוועהנליך יעדערער פון אונז. און אויף אַזאַ אופן האָט עס געטראָפען, וואָס איך, דער מאָדערנער, בין אָפט אריינגעטראָטען אין מיינע חלומות און בין אין דער שפּעטערדיגער מאָדנער צווייענדיגקייט פון מיין פּערזאָן געווען אי דער אַקטיאָר און אי דער צוזעהער. און גאַנץ אָפט האָב איך, דער מאָדערנער מענש, זיך אויפגערעגט און געערגערט איבער דער אומזיניגקייט, אומלאָגישקייט, טעמפּקייט און דורכאויסיגער אומגלויבליכער נאַרישקייט פון מיין פּרימיטיווען „איך".

נאָך איין באַמערקונג, איידער איך וועל ווייטער פאָרטזעצען מיין דערצעהלונג. האָט זיך אייך אַמאָל געחלומ'ט, אז איהר זעהט א חלום? הינט, פערד, אַלע חיות זעהען חלומות. אין די צייטען פון גרוים־צאַהן האָבען די האַלב־מענשען געזעהען חלומות און ווען די חלומות זיינען געווען שלעכטע, האָבען זיי געשריגען פון שלאָף. נו, בין איך, דער מאָדערנער מענש, געשלאָפען מיט גרוים־צאַהן און האָב געזעהען זיינע חלומות.

איך וויים, אז דער שכל קאָן דאָס כמעט נישט משיג זיין; איך וויים אָבער אויך, אז איך האָב דאָס אליין געטון. און לאָמיר אייך זאָגען, אַז די חלומות וועגען פליהען און פויזען, וואָס גרוים־צאַהן האָט געזעהען, זיינען פאַר איהם געווען פונקט אזוי לעבעדיג, ווי דער חלום וועגען פליהען אין דעם רוים איז פאַר אייך.

דאָס איז דערפאַר, ווייל גרוים־צאַהן האָט אויך געהאַט א צווייטען „איך", און ווען ער איז געשלאָפען, האָט דער דאָזיגער „איך" געחלומ'ט וועגען דער פאַרגאַנגענהייט, וועגען באַפליגעלטע שרצים און די צוזאַמענשטויסען און אַטאַקען פון עקדי־

שען. און ווייטער וועגען קליינטשי קע שמיידיגע זוויג־חיה׳לעך, וואָס זיינען עהנליך צו נאַגערס. און נאָך ווייטער וועגען דעם שליים אויף׳ן ברעג פון ים. איך קאָן נישט. איך וואָג נישט צו זאָגען נאָך מעהר פון דעם. עס איז צו טונקעל, צו קאָמפּליצירט און שרעקליך. איך קאָן נאָר געבען אַן אַנדייטונג אויף די דאָזיגע ברייטע און שרעקליכע דורכזיכטען, דורך וועלכע איך האָב ווי דורך אַ נעפּעל געזעהען דעם אַנטוויקלונגס־גאַנג פון לעבען נישט פון דער מאַלפּע אַן, נאָר פון דעם סאַמע וואָרעם ביז צו דעם מענשען.

און איצט וועל איך זיך צוריקקערען צו מיין דערצעהלונג. איך, גרוים־צאָהן, האָב נישט געקענט די גרינג־פיסיגע. אַלס אַ באַשעפעניש מיט אַ פיינערער סימעטריע פון די געזיכטס־שטריכען און פון דעם קערפּער, מיט לאַנג־וויהעדיגע אויגען, מיט אַ נאָז־רוקען און פון אונטען געעפענטע נאָז־לעכער, וואָס האָבען זיך דערנעהענטערט צו שעהנקייט. איך האָב זי נאָר געקענט, אַלס דאָס יונגע מיידעל מיט די צערטליכע אויגען, וואָס האָט אַרויסגע־לאָזט ווייכע קלאַנגען און האָט זיך קיינמאָל נישט געשלאָגען. איך האָב אַליין נישט געוואוסט, וואָרום איך האָב ליב געהאַט צו שפּי־לען זיך מיט איהר, צו זוכען צוזאַמען מיט איהר שפּייז און פוינעל־נעסטען. און איך מוז מודה זיין, אַז זי האָט מיר פיעל געלערנט מכוח קלעטערען אויף ביימער. זי איז געווען זעהר קלוג, זעהר שטאַרק און קיין קליידלעך, וואָס פּלאָנטערען זיך אַרום די פיס, האָבען איהר נישט געשטערט אין איהרע באַוועגונגען.

אַרום יענער צייט פלעגט לאַנג־אויער עטוואָס אָפּ־שטעהן פון מיר. ער האָט באַקומען אַ געוואוינהייט אוועקצובראָד־זשען אין דער ריכטונג פון דעם בוים, וואו מיין מוטער האָט גע־וואוינט. מיין בייזע שוועסטער איז איהם געפעלען געוואָרען, און דער פלוידערער האָט איהם גראָד פאַרטראָגען. עס זייי־נען דאָרט אויך געווען נאָך אייניגע אַנדערע יונגע הברה־לייט, די קינדער פון די מאַנאָגאַמישע פּאָרלעך, וועלכע האָבען געלעבט אין שכנות, און לאַנג־אויער האָט זיך מיט זיי געשפּילט,

איך האב קיינמאָל נישט געקאנט פועל'ען ביי דער ג ר י נ ג ־ פ י ס י ג ע ר, אז זי זאָל אויך צושטעהן צו זיי. יעדעס מאָל, ווען איך האב זיי באזוכט, איז זי פארבליבען הינטער מיר און איז פארשוואונדען געווארען. איך געדנק, ווי איך האב איינמאָל זיך פיעל באמיהט איבערצורעדען זי. אבער זי האט געווארפען אויף צוריק אומרוהיגע בליקען און האט זיך צוריקגעצויגען, רופענדיג צו מיר פון א בוים, און אויף אזא אופן פלעג איך געוועהנליך נישט באַלייטען ל א נ ג ־ א ו י ע ר, ווען ער איז געגאנגען באזוכען זיינע נייע פריינד.

מיר זיינען מיט דער ג ר י נ ג ־ פ י ס י ג ע ר געווען גוטע חברים, אבער איך האב בשום אופן נישט געקאנט געפינען דעם בוים, אויף וועלכען זי האט זיך אויפגעהאלטען. ווען אלץ וואלט געגאנגען גוט, וואלטען מיר זיכער געווען אינגיכען זיך צונויפפארען, ווייל מיר זיינען איינס ס'אנדערע געפעלען געווארען; אבער עס האט עטוואס פאסירט.

איינמאָל, אין א פריהמארגען, ווען די ג ר י נ ג ־ פ י ס י ג ע האט זיך נישט באוויזען, בין איך מיט ל א נ ג ־ א ו י ע ר אוועק צו דער זומפּ־גרוב צו שפּילען זיך אויף די קלעצער. מיר זיינען קוים ארויס אויפ'ן וואסער, ווי מיר האבען דערהערט א צארענדיגע ברומעריי, וואס האט אויף אונז ארויפגעווארפען א פחד, דאס איז געווען ר ו י ט ־ א ו י ג. ער האט זיך איינגעקארטשעט אויפ'ן ראנד פון דעם הויפען קלעצער, און געקוקט אויף אונז מיט בייזען האס. מיר האבען זיך שטארק איבערגעשראקען, ווייל עס איז דא נישט געווען קיין הייל מיט א שמאלער עפענונג, וואוהין מיר זאלען קאנען אנטלויפען. אבער דער שטח פון צוואנציג פוס וואסער, וואס איז געווען צווישען אונז, האט אונז צייטווייליג באשיצט און מיר האבען זיך אנגענומען מיט מוט.

ר ו י ט ־ א ו י ג איז געשטאנען און האט זיך געקלאפּט מיט'ן פויסט אין דער האריגער ברוסט. אונזערע צוויי קלעצער זיינען געווען איינע לעבען דער אנדערער; מיר זיינען אויף זיי

געזעסען און האבען געלאכט פון איהם. אונזער געלעכטער איז אין אנהויב געווען א קאלטער און עטוואס דורכגעדרונגען מיט שרעק; ווען מיר האבען אבער זיך איבערצייגט אין זיין מאכט־לאזיגקייט, האבען מיר אויסגעבראכען אין א ווילדען געלעכטער. ער האט זיך געקאכט און געקריצט מיט די צייהן אין הילפלאזען צארן. און אין אונזער איינגעבילדעטער זיכערקייט האבען מיר געהאלטען אין איין מאכען חוזק פון איהם. מיר, די מענשען פון דער הארדע, זיינען שטענדיג געווען קורצזיכטיג.

ר ו י ט ־ א ו י ג האט מיטאמאל אויפגעהערט צו קלאפען זיך אין ברוסט און צו קריצען מיט די צייהן און איז איבער די קלעצער ארויפגעלאפען אויפ׳ן ברעג. און פונקט אזוי שנעל איז אונזער לוסטיגקייט פארביטען געווארען אויף שרעק. עס איז נישט געווען ר ו י ט ־ א ו י ג ׳ ס שטייגער אויפצוגעבען אזוי לייכט די נקמה. מיר האבען אין שרעק און ציטערניש גע־ווארט צו זעהן, וואס עס וועט דא פארקומען. עס איז אונז גאר־נישט איינגעפאלען אפצושווימען ווייטער פון ברעג. ר ו י ט ־ א ו י ג האט, שפרינגענדיג, זיך צוריקגעקערט צו די קלעצער, האלטענדיג אין זיין ריזיגער האנט א הויפען מיט רונדע גלאטע שטיינדלעך. איך בין צופרידען, וואס ער האט נישט געקאנט גע־פינען קיין גרעסערע, לאמיר זאגען, צוויי־דריי־פונטיגע שטיינער, ווייל מיר האבען זיך געפונען נישט מעהר, ווי אויף א צוואנציג פוס ווייט פון איהם, און ער וואלט אונז זיכער געווען געהרג׳עט.

אפילו אזוי זיינען מיר אויך געווען נישט אין קיין קלייגער סכנה. א קליין שטיינדעל איז דורכגעפלויגען פארביי אונז מיט א הוזשעריי און כמעט מיט דער קראפט פון א קויל. איך און ל א נ ג ־ א ו י ע ר האבען אנגעהויבען רודערען מיט אלע אונ־זערע כחות. זש!.. זש־... ל א נ ג ־ א ו י ע ר האט פון פלוצ־לינגדיגען וועהטאג ארויסגעלאזט א געשריי. דאס שטיינדעל האט איהם געטראפען צווישען די אקסלען. שפעטער האב איך אויך געקראגען מיט א שטיינדעל און האב אויך אויפגעהויבען א גוואלד.

די איינציגע זאך, וואס האט אונז געראטעוועט, איז געווען דאס, וואס עס האט זיך ביי ר ו י ט ־ א ו י ג אויסגעלאזט די אמוניציע. ער איז צוריקגעלאפען צו קריגען נאך שטיינדלעך, בעת איך און ל א נ ג ־ א ו י ע ר זיינען דערווייל אוועקגעשוואומען ווייטער.

מיר זיינען צוביסלעכווייז אוועק אזוי ווייט, אז ר ו י ט ־ א ו י ג האט מיט זיינע שטיינדלעך אונז שוין מעהר נישט געקאנט גרייכען, כאטש ער איז נאך אלץ געלאפען נאך נייער אמוניציע און די שטיינדלעך האבען נאך אלץ מיט א הוזשענדיגען גערויש דורכגעשניטען די לופט. אין דעם צענטער פון דער זומפ־גרוב איז געווען א לייכטע שטרעמונג און מיר האבען אין אונזער אויפגערעגטקייט גארנישט באמערקט, אז זי האט אונז ארויסגעשטויסען אין טייך אריין. מיר האבען געהערט און ר ו י ט־א ו י ג האט אונז נאכגעפאלגט איבער'ן ברעג. ער האט געפונען גרעסערע שטיינער, מיט אזא אמוניציע האט ער געקאנט גרייכען פיעל ווייטער. איין שטיין, וואס האט געמוזט וועגען גאנצע פינף פונט, איז צעשמעטערט געווארען אויף דער קלאץ לעבען מיר מיט אזא קראפט, אז די אפגעשפרונגענע שפליטער האבען, ווי פייערדיגע נאדלען, מיר געטראפען אין פוס אריין. דער שטיין וואלט מיך זיכער געוועזן דער'הרג'עט.

נאך דעם האט אונז די שטרעמונג פון טייך אריינגעכאפט. מיר האבען אזוי ווילד גערודערט, אז ר ו י ט ־ א ו י ג האט עס דער ערשטער באמערקט און זיין טריאומפירענדיגער אויסגעשריי איז געווען אונזער ערשטע ווארנונג. דארט, וואו די שטרעמונג האט באריהרט דאס וואסער פון זומפ, האט זיך געפונען א גאנצע רייה ווירבעל־שטראמען. זיי האבען אריינגעכאפט אונזערע אומגעלומפערטע קלעצער און האבען זיי געדרעהט און געשליידערט הין און צוריק. מיר האבען אויפגעהערט צו רודערען און האבען אונזער גאנצע ענערגיע אנגעווענדט אויף צוזאמענהאלטען די קלעצער איינע לעבען דער אנדערער. אין דער זעלביגער צייט האט

ר ו י ט ־ א ו י ג פּאַרטגעזעצט אונז צו באָמבאַרדירען. די שטיינער זיינען געפאַלען ארום אונז, אָפּשפּריצענדיג אונז מיט וואַסער און שטעלענדיג אין געפאַהר אונזער לעבען. ער האָט ווילד געגלאָצט אויף אונז מיט די אויגען און נישט אויפגעהערט צו שרייען.

ביי יענעם פּונקט, וואו די זומפּ־גרוב איז אריינגעפאַלען אין טייך אריין, האָט זיך גראַד געפונען א שאַרפער אויסבויג און די גאַנצע הויפּט־שטרעמונג פון      טייך איז דאָרט געווען אָפּגע־ווענדט צום אַנדערען ברעג. און אָט צו יענעם ברעג, וועלכער איז געווען דער צפון־ברעג, זיינען מיר שנעל אוועקגעשלעפּט געוואָרען מיט'ן שטראָם. מיר האָבען באַלד זיך געפונען ווייט פון ר ו י ט ־ א ו י ג און פון דערווייטענס האָבען מיר איהם געזעהען צום לעצטען מאָל, שפּרינגענדיג און זינגענדיג א געזאַנג פון נצחון.

איך און ל אַ נ ג ־ א ו י ע ר האָבען גאַרנישט געטון, א חוץ דעם, וואָס מיר האָבען צוזאַמענגעהאַלטען די קלעצער. מיר האָבען זיך אונטערגעוואָרפן      אונזער מזל און זיינען פּאַרבלי־בען אין דעם דאָזיגען צושטאַנד, ביז וואַנען מיר האָבען זיך נישט אומגעקוקט, אַז מיר שווימען אין דער לענג פון דעם צפון־ברעג, אויף א שטח פון קנאַפּע הונדערט פוס. מיר האָבען אָנגעהויבען רודערען צום ברעג צו. דאָ איז די הויפּט־קראַפט פון דער שטרע־מונג אָפּגעוואָרפען געוואָרען צוריק צו דעם דרום־ברעג, און דער רעזולטאַט פון אונזער רודערען איז געווען דאָס, וואָס מיר זיינען אריין צווישען צוויי נאָהענטע ברעגען, וואו דער שטראָם איז גע־ווען צום שטאַרקסטען. אָבער איידער מיר האָבען נאָך דאָס באַ־מערקט, זיינען מיר שוין ארוים פון דאָרטען און אריין אין א רו־היגען וואַסער.

אונזערע קלעצער זיינען געשוואומען לאַנגזאַם און האָבען צום סוף זיך לייכט אָנגעשטויסען אַן ברעג. איך און ל אַ נ ג ־ א ו י ע ר זיינען ארויסגעקראָכען אויף דער יבשה. די קלעצער זיינען צוריק ארויסגעשוואומען פון דעם רוהיגען וואַסער און שנעל

אוועק מיט'ן שטראם. מיר האבען געקוקט איינער אויפ'ן אנדערען. מיר האבען אבער נישט געלאכט. מיר האבען זיך געפונען אין א פרעמדען לאנד און עס איז אונז גארנישט איינגעפאלען, אז מיר האבען געקאנט זיך צוריקקערען צו אונזער אייגענעם לאנד אויפ'ן זעלבינעז אופן, ווי מיר זיינען אהער געקומען.

מיר האבען געלערנט, ווי אזוי מען געהט אריבער א טייך, כאטש מיר האבען דאס אליין נישט געוואוסט. און דאס איז געווען עטוואס אזוינס, וואס קיינער פון אונז האט עס נאך קיינמאל נישט געטון. מיר זיינען געווען די ערשטע פון דער הארדע, וואס האבען באטראכטען דעם צפון־ברעג פון טייך, און, איך רעכען, אויך די לעצטע. עס איז גאר קיין צווייפעל נישט, אז זיי וואלטען דאס געווען טון אין דער צוקונפט; אבער די וואנדערונג פון די פ י י ע ר ־ מ ע נ ש ע ן און די שפעטערדיגע וואנדערונג פון די פארבליבענע פון דער הארדע האבען אונזער עוואלוציע אפגערוקט צוריק אויף יאהרהונדערטער.

מען קאן נישט וויסען, וואס פאר אומגליקען עס האט מיט זיך געבראכט די וואנדערונג פון די פ י י ע ר ־ מ ע נ ש ע ן. איך, פון מיין זייט, בין גענייגט צו גלויבען, אז זי האט געפיהרט צו דער פארניכטונג פון דער הארדע; אז מיר, א צווייג פון נידעריגערען לעבען, וואס האט געלאזט די ערשטע מענשען־שפראצונגען, זיינען פארשניטען געווארען און אומגעקומען דורך די ברור־מענדיגע ים־וואלען אויף דעם ארט, וואו דער טייך איז אריינגעפאלען אין ים.

אין אזא פאל בלייבט מיר, נאטירליך, איבער צו דערציילען נאר וועגען זיך אליין; דערווייל אבער איז עס נאך צו פריה, און איך וועל עס נישט פארפעלען צו טון, איידער איך וועל אינגאנצען פארטיג ווערען מיט דער דאזיגער געשיכטע.

## צוועלפטער קאפיטעל

איך האב נישט קיין שום באגריף וועגן דעם, ווי לאנג איך און ל א נ ג ־ א ו י ע ר האבען ארומגעוואנדערט אויף דער צפון־זייט פון טייך. מיר זיינען געווען, ווי ים־רייזער, וועלכע האבען געליטען פון א שיפברוך און זיינען פארווארפען געווארען אויף א וויסטען אינזעל, יעדענפאלס אויף אזוי וויים, אויף וויפיעל מיר האבען, ווי ים־רייזער, נישט געקאנט קומען צוריק אהיים. מיר האבען זיך אומגעקערט מיט'ן רוקען צום טייך און האבען אויף וואכען־ און חדשים־לאנג אוועקגעלאזט זיך צו וואנדערען איבער דער ווילדערניש, וואו עס זיינען נישט געווען קיין מענשען פון דער הארדע. עס איז זעהר שווער פאר מיר אויפצושטעלען צוריק אונזער גאנצע רייזע און עס איז אוממעגליך פאר מיר צו טון עס פון טאג־צו־טאג. די גרעסטע טייל פון דער רייזע איז נישט־קלאר און נעפעלהאפט, כאטש עס זיינען ביי מיר דא און דארט פארבלי־בען לעבעדיגע ערינערונגען וועגען זאכען, וואס האבען מיט אונז פאסירט.

באזונדערס געדענק איך, ווי מיר האבען געליטען הונגער אויף די בערג צווישען דער ל א נ ג ע ר א ז ע ר ע און דער ו ו י י ־ ט ע ר א ז ע ר ע און ווי מיר האבען אין דער געדיכטעניש פון וואלד געכאפט א שלאפענדיג קעלבעל. עס זיינען דארט אויך גע־ווען ב ו י ם ־ מ ע נ ש ע ן, וועלכע האבען געוואוינט אין וואלד, צווישען דער ל א נ ג ע ר א ז ע ר ע און די בערג. דאס האבען זיי עס אונז פארטריבען אין די בערג און געצוואונגען צו וואנדערען וויטער צו דער ו ו י י ט ע ר א ז ע ר ע.

נאכדעם, ווי מיר האבען פארלאזען דעם טייך, זיינען מיר צו־ערשט אוועק אין דער ריכטונג פון מערב, ביז וואנען מיר זיינען צוגעקומען צו א קליינעם שטראם, וואס איז געפלאסען דורך זומ־פען. דא האבען מיר זיך אויסגעקערט צו צפון־זייט, ארומגעהענ־דיג ארום די זומפען, און זיינען אין עטליכע טעג ארום אנגעקו־מען צום פלאץ, וואס איך האב אנגערופען ל א נ ג ע א ז ע ר ע. מיר האבען א געוויסע צייט פארבראכט ארום דער אזערע, וואו מיר האבען געפונען איבערגענוג שפייז, ביז וואנען מיר האבען איינ־מאל, צו אונזער שלים־מזל, זיך צוזאמענגעטראפען אין וואלד מיט די ב ו י ם ־ מ ע נ ש ע ן. די דאזיגע באשעפענישען זיינען גע־ווען נישט מעהר, ווי ווילדע מאלפעס. און דאך האבען זיי נישט פיעל זיך אונטערשיידט פון אונז. עס איז אמת, זיי זיינען געווען מעהר באוואקסען מיט האר; זייערע פיס זיינען געווען עטוואס מעהר אויסגעדרעהט און קניפעלדיג, זייערע אויגען עטוואס קלע־נער, זייערע העלזער עטוואס דיקער און קירצער און זייערע נאז־לעכער עטוואס מעהר ענהליך צו לעכער אין אן איינגעפאלענער פלאך; אבער זיי האבען נישט געהאט קיין האר אויפ'ן געזיכט, אויף די האנט־פלאכען און אויף די פיס־זוילען, און די קלאנגען, וואס זיי האבען ארויסגעלאזט, זיינען געווען ענהליך צו אונזערע און האבען געהאט אן עטוואס ענליכע באדייטונג. נאך אלעמען זיינען די ב ו י ם ־ מ ע נ ש ע ן און די מענשען פון דער הארדע נישט געווען זעהר ווייט איינע פון די אנדערע.

איך האב איהם געפונען דער ערשטער: דאס איז געווען אן אויסגעדארטער, אויסגעטריקענטער, ציטערענדיגער אלטיטשקער מיט א געקנייטשטען פנים און טרערענדיגע אויגען. ער איז געווען פאר אונז א געזעצליכע רויב. אין אונזער וועלט איז נישט געווען קיין סימפאטיע צווישען פארשיידענע מינים, און ער איז נישט גע־ווען פון אונזער מין. ער איז געווען א ב ו י ם ־ מ ע נ ש און זעהר אלט. ער איז געזעסען אונטער א בוים, ווייזט אויס, טאקע אונטער זיין איינענעם בוים, ווייל מיר האבען געקאנט זעהן צווי־

שען די צווייגען די צעלומפּטע נעסט, אין וועלכער ער איז ביינאַכט געשלאָפען.

איך האָב ל אַ נ ג ־ א ו י ע ר אָנגעוויזען אויף איהם און מיר האָבען זיך ביידע צו איהם אַ לאָז געטון. ער האָט אָנגעהויבען אַרויפקלעטערען אויפ׳ן בוים, אָבער ער האָט עס געטון צו פּאַמעליך. איך האָב איהם אַ כאַפּ געטהון פאַר דער פוס און האָב איהם אַרונטערגעשלעפּט. נו, האָבען מיר דאָס געהאַט אַ ביסעל שפּאַס. מיר האָבען איהם געקנייפּט, געריסען פאַר די האָר, גע־דרעהט די אויערען, געשטאָכען מיט ריטלעך — און די גאַנצע צייט געלאַכט מיט טרערען אין די אויגען. זיין נוצלאָזער כעס איז גע־ווען העכסט־נאַריש. ער איז געווען לעכערליך מיט זיין שטרעבען אויפצובלאָזען אין אַ פלאַם דעם אָפּגעקיהלטען אַש פון זיין יוגענד און אויפצולעבען זיין קראַפט, וועלכע האָט זיך שוין לאַנג אָפּגע־טון פון איהם; ער האָט געקריצט מיט זיינע דורכגעפּיילטע צייהן און האָט מיט זיינע שוואַכע פויסטען זיך געקלאַפּט אין זיין איינ־געפאַלענער ברוסט, אָבער אַנשטאַט דער ווילד־צאָרנדיגער גרימאַ־סע, וועלכע ער האָט געוואָלט אָננעמען, איז ביי איהם אַרויסגע־קומען עטוואָס קלענליכעס.

ער האָט אויך זעהר שטאַרק געהוסט, געקייכט און געגאָווערט. יעדעס מאָל, ווען ער האָט געפּרוואווט אַרויפקלעטערען אויף דעם בוים, האָבען מיר איהם אַראָפּגעשלעפּט, ביז וואַנען ער האָט ענד־ליך, זיך איבערגעגעבען צו זיין שוואַכקייט און האָט מעהר נישט געטון, ווי נאָר געזעסען און געוויינט. און איך מיט ל אַ נ ג ־ א ו י ע ר זיינען געזעסען לעבען איהם, אַרומנעמענדיג איינער דעם אַנדערען, און האָבען געלאַכט איבער זיין אומגליקליכען אויס־זעהן.

ער איז פון וויינען אַריבער צו כניקען און פון כניקען צו קלאָ־גענריי, ביז וואַנען ער האָט, ענדליך, גענומען שרייען. דאָס האָט אונז באַאומרוהיגט, אָבער וואָס מעהר מיר האָבען איהם געוואָלט

צווינגען אויפצוהערען, אלץ העכער האט ער געשריגען. און דער־מאלט האט נישט ווייט פון וואלד דערגרייכט צו אונז א געשריי: „גאעק! גאעק!..." דעם דאזיגען געשריי האבען באלד אפגעענט־פערט אייניגע אנדערע געשרייען און מיר האבען פון זעהר ווייט געקאנט הערען א הויכען און טיפען „גאעק! גאעק!..." מיר האָ־בען אויך דערהערט ארום אונז אין וואלד דעם רוף „הו־הו!..."

און דעמאלט האט זיך אנגעהויבען דאס געיעג. עס האט זיך געדאכט, אז עס וועט גאר צו דעם קיינמאל קיין סוף נישט נעמען. זיי האבען זיך נאך אונז געיאגט איבער די בוימער, זייער גאנצער שטאם, און האבען אונז שיער נישט געכאפט. מיר זיינען גע־צוואונגען געווען אראפצולאזען זיך אויף דער ערד, און דא זיינען מיר געווען שטארקער פון זיי, ווייל זיי זיינען געווען עכטע ב ו י ם־מ ע נ ש ע ן און בעת זיי האבען געקאנט קלעטערען אויף די בוימער בעסער פון אונז, האבען מיר אבער געקאנט בעסער פון זיי לויפען איבער דער ערד. מיר זיינען אוועק אין צפון־זייט און דער שטאם איז ברומענדיג געלאפען נאך אונזערע שפורען. איבער די אפענע פלעצער האבען מיר זיי איבערטראפען און איבער די באַ־וואקסענע ערטער האבען זיי אונז אנגעיאגט, און נישט איינמאל האט עס שוין געהאלטען אויף א האר, אז זיי זאלען אונז כאפען. בעת דעם דאזיגען געיעג האבען מיר באגריפען, אז מיר זיינען נישט געווען פון זייער מין און אז אונזערע קעגענזייטיגע באציהונגען זיינען געווען נישט קיין סימפאטישע.

זיי זיינען שטונדענלאנג געלאפען נאך אונז. עס האט זיך געדאכט, אז דער וואלד וועט זיך קיינמאל נישט אויסלאזען. מיר האבען, ווי ווייט מעגליך, זיך געהאלטען אין די אפענע פלעצער, אבער זיי האבען אלע מאל זיך געענדיגט מיט נאך א געדיכטערען וואלד. צייטענווייז האבען מיר געמיינט, אז מיר האבען זיך שוין נעראטעוועט, און האבען זיך אוועקגעזעצט אפצורוהען זיך; אבער אלע מאל, איידער נאך מיר האבען געקאנט איבערכאפען דעם

אטעם, האבען מיר דערהערט די בייזע „הו־הו!“־געשרייען און דאס שרעקליכע „גאעק! גאעק! גאעק!....“ דאס לעצטע האט זיך צוי־טעגוויין געענדיגט מיט א ווילדען „הא־הא־הא־הא־א־א־א!!!“

אט־אזוי האבען עס די אויפגערייצטע ב ו י ם ־ מ ע נ ש ע ן געיאגט אונז איבער'ן וואלד. שפעט בייטאג האבען מיר, ענדליך, דערגרייכט א געגענד, וואס האט גענומען שטייגען אלץ העכער און העכער בארג־ארויף און וואו די בוימער האבען גענומען ווערען אלץ קלענער און קלענער. דערנאך זיינען מיר ארויסגעקומען אויף די בארגיגע לאנען. אט־דא האבען מיר געקאנט געווינען צייט, אבער די ב ו י ם ־ מ ע נ ש ע ן האבען דא אויפגעגעבען דאס געיעג און האבען זיך צוריקגעקערט אין זייער וואלד אריין.

די בערג זיינען געווען נישט היימליך און נישט־גאסטפריינד־ליך, און מיר האבען אין יענעם טאג דריי מאל געפרואווט צוריק־צוגעהן אין וואלד אריין. אבער די ב ו י ם ־ מ ע נ ש ע ן האבען דארט געווארט אויף אונז און האבען אונז צוריקגעטריבען. איך און ל א נ ג ־ א ו י ע ר זיינען אין יענער נאכט געשלאפען אויף א בוימעל, וואס איז געווען נישט גרעסער פון א בוש. מיר זיינען דא גארנישט געווען זיכער און יעדע רויב־חיה, וואס וואלט אהער אנגעקומען, וואלט באקומען א לייכטע רויב.

אין פריהמארגען האבען מיר צוליב דעם ניי־באקומענעם רעס־פעקט צו די ב ו י ם ־ מ ע נ ש ע ן זיך אוועקגעלאזט איבער די בערג. איך בין זיכער, אז מיר האבען נישט געהאט קיין שום באַ־שטימטען פלאן און אפילו נישט קיין אידעע. מיר זיינען פשוט גע־טריבען געווארען פון דער סכנה, פון וועלכער מיר האבען געוואלט זיך ראטעווען. איך האב נאר נעפעלהאפטע ערינערונגען וועגען אונ־זער וואנדערען איבער די בערג. מיר האבען פיעל טעג פארבראכט אין יענער נישט־היימליכער געגענד, מיר האבען זיך דארט פיעל אנ־געליטען, דער עיקר פון שרעק, ווייל אלץ איז דארט געווען פאר אונז אזוי ניי און זונדערבאר. מיר האבען דארט אויך געליטען פון קעלט און שפעטער פון הונגער.

עס איז געווען א וויסט לאנד פון פעלזענבערג, ברויזענדיגע שטראמען און רוישענדיגע וואסערפאלען. מיר האבען געקלעטערט איבער די שמאלע דורכגאנגען צווישען די בערג און האבען זיך אראפגעלאזט אין די טיפע טאלען, און אומעטום, וואו מיר האבען זיך נישט געפונען, האבען אין אלע ריכטונגען זיך געשפרייט פאר אונז אויף אן אומענדליכען שטח בערג איבער בערג. ביינאכט זיי־נען מיר געשלאפען אין לעכער און שפאלטען, און איינמאל אין א קאלטער נאכט האבען מיר זיך פארקליבען אויפ'ן שפיץ פון א שמאלען און הויכען פעלז, וואס האט אויסגעזעהען כמעט, ווי א בוים.

איינמאל, אין א הייסען טאג, האבען מיר, פארחלש'טע פון הונגער, ענדליך דערגרייכט א הויכען בארג־רוקען, פון וועלכען מיר האבען אין דער ריכטונג פון צפון, אריבער די אלע נידעריגער און נידעריגער אראפלויפענדיגע בערגלעך, דערזעהען א ווייטע אזערע. די זון האט געשיינט איבער איהר און ארום האבען זיך געשפרייט פלאכע לאנען, בעת אין מזרח־זייט האבען מיר דערזעהען די טונ־קעלע ליניע פון א ברייט־אויסגעצויגענעם וואלד.

צוויי טעג האט אונז גענומען צוצוקומען צו דער אזערע; מיר זיינען געווען שוואך פון הונגער; אבער אויף דעם ברעג פון דער אזערע האבען מיר געפונען א יונג קעלבעל, וואס איז זיך רוהיג געשלאפען אין דער געדיכטעניש פון וואלד. מיר האבען זיך מיט איהם גענוג אנגעמאטערט, ווייל מיר האבען איהם אנדערש נישט געקאנט טויטען, ווי נאר מיט די הוילע הענט. ווען מיר האבען זיך אנגעשטאפט צו דער זאט, האבען מיר דאס איבערגעבליבענע פלייש אוועקגעטראגען אין וואלד, וואס האט זיך געפונען אין מזרח־זייט, און האבען עס באהאלטען אין א בוים. מיר האבען צו דעם דאזיגען בוים זיך שוין קיינמאל נישט צוריקגעקערט, ווייל דער ברעג פון שטראם, וואס האט אפגעצייגען דאס וואסער פון דער ווייטער אזערע, איז פול געווען מיט לאקסען, וועלכע זיינען אהער געקומען פון ים צו לאזען דא רויגען.

צו מערב־צו פון דער אזערע האבען זיך געצויגען די לאנגע, אויף וועלכע עס האבען זיך געפונען אהן א שיעור ביפעלען און ווילדע רינדער־פיה. עס זיינען דארט אויך געווען פיעל מחנות ווילדע הינט, און אזוי ווי עס זיינען דארט נישט געווען קיין בוי־מער, איז דאס געווען פאר אונז נישט קיין זיכערער פלאץ. מיר זיינען אין פארלויף פון פיעל טעג געגאנגען אין דער ריכטונג פון דעם שטראם. דערנאך האבען מיר, כ'וויים אליין נישט צוליב וועלכער אורזאך, פלוצלינג פארלאזען דעם שטראם און זיינען דורך א גרויסען וואלד אוועק אין דער ריכטונג פון מזרח און שפעטער פון דרום־מזרח. איך וועל אייך נישט באלעסטיגען מיט די איינ־צעלהייטען פון אונזער רייזע. איך דערצעהל אייך נאר וועגען דעם, בכדי צו ווייזען, ווי אזוי מיר זיינען ענדליך אנגעקומען אין דעם לאנד פון די פ י י ע ר ־ מ ע נ ש ע ן.

מיר זיינען ארויסגעקומען צום טייך, מיר האבען אבער נישט געוואוסט, אז דאס איז געווען אונזער טייך. מיר זיינען אזא לאנגע צייט געווען פארלארען, אז מיר האבען שוין געהאט אנגענומען דעם דאזיגען צושטאנד, אלס א געוועהנליכען צושטאנד. ווען איך קוק זיך אום צוריק, זעה איך קלאר, ווי אונזער לעבען און אונזער שיקזאל זיינען איננאנצען אפהענגיג געווען פון צופאל. מיר האבען נישט געוואוסט, אז דאס איז געווען אונזער טייך; פון וואנען הא־בען מיר דאס געזאלט וויסען? און ווען מיר וואלטען נישט גע־ווען צוריק אריבער דעם טייך, וואלטען מיר מן הסתם שוין קיינמאל נישט געווען צוריקקערען זיך צו דער הארדע; און איך, דער מא־דערנער מענש, וואס האט געזאלט געבוירען ווערען אין א הונדערט טויזענט יאהר ארום, וואלט קיינמאל נישט געווען געבוירעןווע־רען.

אבער איך און ל א נ ג ־ א ו י ע ר האבען זעהר שטארק געוואלט צוריקקערען זיך. מיר האבען אויף אונזער רייזע געפיהלט

א בענקשאפט צו אונזער מין און לאנד; און איך האב אפט זיך דערמאנט אז דער גרינג־פיסיגער, אז דער יונגער מייד־ דעל, וועלכע האט ארויסגעלאזט ווייבע קלאנגען, מיט וועלכער עס איז גוט געווען צו זיין צוזאמען און וועלכע האט געלעבט איינע אליין ערגעץ אין א פלאץ, וואס קיינער האט וועגען איהם נישט געוואוסט. מיינע ערינערונגען וועגען איהר זיינען באלייט געווען מיט א געפיהל פון הונגער, כאטש דאס איז געוועהנליך פארגעקו־ מען, ווען איך בין גראד נישט געווען הונגעריג און ווען איך האב נאר וואס געהאט אפגעגעסען.

איך וועל זיך אבער צוריקקערען צום טייך. מיר האבען דארט געהאט שפייז בשפע, דערהויפט בעערעס און זאפטיגע ווארצלען; מיר האבען א לאנגע צייט זיך געשפילט און ארומגעבלאנקעט אויף דעם ברעג, ביז וואנען עס איז לאנג־אויער אויפגעפאלען דער געדאנק. דאס איז געווען א זיכטבארער פראצעס. איך האב איהם געזעהען. דער אויסדרוק אין זיינע אויגען איז געווארען טרויעריג און קלעגליך און ער איז געווען שטארק צעטומעלט. דער־ נאך זיינען זיינע אויגען געווארען מוטנע, גלייך ווי ער וואלט נישט געקאנט אנכאפען דעם געדאנק, וואס האט זיך נאך נישט איננאנ־ צען פארמירט אין זיין קאפ. נאך דעם האט געפאלגט דער טרוי־ עריגער און קלעגליכער אויסדרוק, ווייל דער געדאנק איז ווידער ערשינען און ער האט זיך אופסניי אן איהם אנגעכאפט. ער האט געקוקט אויף מיר, אויפ'ן טייך און אויפ'ן ווייטען ברעג. ער האט געפרואווט רעדען, עס האבען איהם אבער אויסגעפעלט קלאנגען אויף אויסדריקען דעם געדאנק. דער רעזולטאט דערפון איז געווען א מין קוידערוועלש, וואס האט ביי מיר ארויסגערופען א געלעכ־ טער. דאס האט איהם אריינגעבראכט אין כעס און ער האט מיך פלוצלינג א כאפ געטון און אומגעווארפען אויפ'ן רוקען. מיר הא־ בען, נאטירליך, זיך אריינגעלאזט אין א געשלעג, און דער סוף איז געווען, אז איך האב איהם ארויפגעיאגט אויף א בוים, וואו ער האט זיך פארזיכערט מיט א לאנגען צווייג און האט מיך מיט איהם גע־

שטאכעז יעדעס מאל, ווען איך האב געפרואווט ארויפקלעטערען צו איהם.

און דער געדאנק האט דערווייל זיך אויסגעבלאסט. איך האב וועגען איהם נישט געוואוסט און ער האט איהם פארגעסען. אבער דעם אנדערען פריהמארגען האט ער ווידער אויפגעוואכט אין איהם. אפשר איז דאס געווען דער אינסטינקט פון צוריקקערען זיך אהיים, וואס האט זיך אפגערופען אין איהם און האט באפעסטיגט אין איהם דעם דאזיגען געדאנק. דער געדאנק איז יעדענפאלס ווידער אמאל ערשינען און איז איצט געווען קלארער, ווי פריהער. ער האט מיך געפיהרט אראפ צום וואסער, וואו עס איז געלעגען א קלאץ. איך האב גערעכענט, אז ער האט געהאט בדעה צו שפילען זיך, ווי מיר פלעגען זיך שפילען ביי דער עפענונג פון דער זומפ־גרוב. דאס זעלביגע האב איך גערעכענט אויך דעמאלט, ווען איך האב געזעהען, ווי ער ברייננט צוטראגען א צווייטע קלאץ ווייטער פון ברעג.

און ערשט דאן, ווען מיר זיינען איינער לעבען דעם אנדערען געזעסען אויף די קלעצער און האבען זיי צוזאמענגעהאלטען, און ווען מיר זיינען ארויסגעשוואומען אין שטראם, האב איך זיך דערוואוסט וועגען זיין כונה. ער האט א ווייל אויפגעהערט צו רודערען, כדי אנצואווייזען מיר אויף דעם ווייטען ברעג, און האט ארויסגעלאזט הויכע און דערמוטיגענדיגע געשרייען. איך האב פארשטאנען און מיר האבען ביידע ענערגיש גערודערט. דער שנעלער שטראם האט אונז אריינגעכאפט און האט אונז א ווארף געטון צום דרום־ברעג; אבער איידער מיר האבען נאך געקאנט לאנדען, האט ער אונז צוריק אפגעווארפען צום צפון־ברעג.

דא האט זיך צווישען אונז אויפגעהויבען א מחלוקה. זעהענ־דיג, אז דער צפון־ברעג איז אזוי נאהענט, האב איך אנגעהויבען רודערען צו איהם. ל א נ ג ־ א ו י ע ר האט גערודערט צום דרום־ברעג. די קלעצער האבען זיך געדרעהט אין א קרייז און מיר האַ־

בען זיך געהאלטען אַלץ אויף איין אָרט; און די גאַנצע צייט, וואָס מיר זיינען געשוואומען מיט'ן שטראָם, האָט דער וואלד געשוועבט פאַרביי אונז. מיר האָבען נישט געקאַנט זיך אריינלאָזען אין א געשלעג. מיר האָבען געוואוסט, אַז מיר טאָרען נישט פריילאָזען אונזערע הענט און פיס, וועלכע האָבען צוזאַמענגעהאַלטען די קלעצער. מיר האָבען אָבער געפּלוידערט און באַליידיגט איינער דעם אַנדערען מיט אונזערע צונגען, ביז וואַנען דער שטראָם האָט אונז צוריק אָפּגעוואָרפען צו דעם דרום־ברעג. דאָס איז איצט געווען אונזער נאָהענטסטער ציל, און מיר האָבען ביידע גענומען אייניג רודערען צום ברעג. מיר זיינען ארוים אויף דער יבשה און האָבען גלייך ארויפגעקלעטערט אויף די בוימער אויסצוקוקען דאָס לאַנד.

## דרייצעהנטער קאפיטעל

אין דער נאכט פון דעם ערשטען טאג, וואס מיר האבען פאר־בראכט אויף דעם זדום־ברעג פון טייך, האבען מיר אנטדעקט די פ י י ע ר ־ מ ע נ ש ע ן. דאס האט געמוזט זיין א באנדע וואנ־דערענדיגע יעגער, וועלכע האבען געלאגערט נישט ווייט פון דעם בוים, וואוהין איך און ל א נ ג ־ א ו י ע ר האבען זיך פארקלי־בען אויף נאכטלעגער. די שטימען פון די פ י י ע ר ־ מ ע נ ש ע ן האבען אונז לכתחילה באאומרוהיגט, אבער שפעטער, ווען די נאכט איז צוגעפאלען, זיינען מיר צוגעצויגען געווארען פון דעם פייער. מיר זיינען שטיל און פארזיכטיג געקראכען פון בוים־צו־בוים, ביז וואנען מיר האבען געקאנט גוט באטראכטען די סצענע.

אויף אן אפענעם פלאץ צווישען די ביימער, נאהענט פון טייך, האט געברענט א פייער. ארום איהם האבען זיך געפונען א פינף־זעקס פ י י ע ר ־ מ ע נ ש ע ן. ל א נ ג ־ א ו י ע ר האט פלוצ־לינג זיך אנגעכאפט אן מיר און איך האב געקאנט פיהלען, ווי ער ציטערט. איך האב זיך טיפער איינגעקוקט און האב דערזעהען דעם אויסגעצעהרטען אלטען יעגער, וועלכער האט פאר־דריי־יארען אראפגעשאסען ק ר ו ם ־ צ א ה ן פון א בוים. ווען ער האט זיך אויפגעהויבען און איז ארומגעגאנגען, צוזאמענגעפאלענער, איז פייער ארויין פריש האלץ, האב איך געזעהען, ווי ער האט אונטערגעהונקען אויף זיין פארקריפעלטער פוס. ער האט אויסגעזעהען צו זיין נאך אויסגעדארטער און איינגעשרומפענער, ווי פריהער, און די האר אויף זיין געזיכט זיינען געווען גרוי.

די איבעריגע יעגער זיינען געווען יונגעליים. איך האב באַמערקט זייערע פיילענבויגענס, וואס זיינען געלעגען לעבען זיי אויף דער ערד, און איך האב געוואוסט, צו וואס דאס דאזיגע געוועהר האט געדינט. די פ י י ע ר - מ ע נ ש ע ן האבען געטראגען פעלכעלעד ארום די לענדען און אריבער די אקסלען. זייערע הענט און פים זיינען געווען נאקעט; זיי זיינען געגאנגען בארוויס. ווי איך האב שוין פריהער באמערקט, זיינען זיי נישט געווען אזוי באוואקסען מיט האר, ווי מיר פון דער הארדע. זיי האבען נישט געהאט קיין גרויסע קעפ, און צווישען זיי און די מענשען פון דער הארדע איז געווען א זעהר קליינער אונטערשייד אין דעם גראד פון צוריקפאלען פון שטערען.

זיי זיינען נישט געווען אזוי איינגעבויגען, ווי מיר, און ווענינער עלאסטיש אין זייערע באוועגונגען. זייערע רוקענביינער, היפטען און קני־געלענקען האבען אויסגעזעהען צו זיין שטייפער. זייערע ארעמס זיינען אויך נישט געווען אזוי לאנג, ווי אונזערע, און איך האב נישט באמערקט, אז זיי זאלען ווען נישט איז באלאנסירען בעת'ן געהן און אנריהרען נאכאנאנד מיט די הענט די ערד. זייערע מוסקולען זיינען געווען רונדיגער און סימעטרישער פון אונזערע און זייערע געזיכטער זיינען געווען אנגענעמער. זייערע נאזלעכער האבען זיך געעפענט פון אונטען ארום; זייערע נאזרוקענס זיינען געווען מעהר אנטוויקעלט און האבען נישט אויסגעזעהען אזוי צוגעפלאטשט און צוגעדריקט, ווי אונזערע. זייערע ליפען זיינען נישט געווען אזוי שוואך און אפגעלאזען און זייערע שנייד־צייהן האבען נישט אזוי פיעל אויסגעזעהען, ווי פאנג־צייהן. פונדעסטוועגען האבען זיי געהאט כמעט אזעלכע דינע היפטען, ווי מיר, און האבען נישט געוואויגען פיעל מעהר פון אונז. ארום און ארום האבען זיי ווענינער אונטערשיידט זיך פון אונז, איידער מיר פון דעם ב ו י ם - פ א ל ק. געוויס זיינען אלע דריי מינים געווען אין קרובה'שאפט, און דערצו נאך אין נישט זעהר ווייטער קרובה'שאפט.

דער פייער, אַרום וועלכען זיי זיינען געזעסען, איז געווען באַזונדערס צוציהענדיג. איך און ל אַ נ ג ־ א ו י ע ר זיינען שטונדענלאַנג געזעסען און האָבען געקוקט אויף די פלאַמען און רויך. מעהר פון אַלץ האָט עס אונז פאַרבלענדט, ווען די פ י י ע ר־מ ע נ־ש ע ן האָבען צוגעוואָרפען פריש האָלץ און מחנות פונקען זיינען נעפלויגען אַרויף. איך האָב חשק געהאַט צוצוקומען נעהענטער צום פייער, איך האָב עס אָבער נישט געקאָנט טון. מיר האָבען זיך איינגעקאָרמשעט אין די אָפּצווייגען פון אַ בוים, ביים ראַנד פון דעם אָפענעם פּלאַץ, און מיר האָבען נישט געוואָגט איינצושטעלען זיך צו ווערען אַנטדעקט פון די פ י י ע ר ־ מ ע נ ש ע ן.

די פ י י ע ר ־ מ ע נ ש ע ן האָבען זיך צוגעזעצט אַרום דעם פייער און זיינען געשלאָפען, האַלטענדיג די קעפּ אויף די קני. זיי זיינען נישט געשלאָפען מיט קיין פעסטען שלאָף. די אויערען האָבען זיך ביי זיי די גאַנצע צייט געריהרט און זיי זיינען געווען אומרוהיג. יעדע ווייל האָט זיך עמיצער פון זיי אויפגעכאַפּט און צוגעוואָרפען נאָך האָלץ צום פייער. אַרום דעם ליכט־קרייז, אין דער פינסטערניש פון וואַלד, האָבען געברומט רויב־חיות. איך און ל אַ נ ג ־ א ו י ע ר האָבען זיי געקאָנט דערקענען נאָך זייערע שטימען. עס זיינען דאָרט געווען ווילדע הינט און אַ היענאַ, און איינמאָל האָט זיך דאָרט אויפגעהויבען אַזאַ ברומעריי און האַווקעריי, אַז דער גאַנצער קרייז פון די שלאָפענדיגע פ י י ע ר ־ מ ע נ־ש ע ן האָט זיך גלייך אויפגעכאַפּט.

אַז אַנדער מאָל איז אַ לייב און אַ לייבעכע געשטאַנען אונטער אונזער בוים; מיט אויפגעשטעלטע האָר און פינקלענדיגע אויגען, האָבען זיי ביידע מיט נייגיר געקוקט אויף די פ י י ע ר־ מ ע נ־ש ע ן. דער לייב האָט זיך באַלעקט און איז געווען אַזוי נערוועז־אויפגערעגט פון גיריגקייט, גלייך ווי ער וואָלט וועלען אַ לאָז טון זיך פאָראויס און באַקומען פאַר זיך אַ מאָלצייט. אָבער די לייבעכע איז געווען פאַרזיכטיגער.

זי האט אונז אנטדעקט די ערשטע. דאס פארעל איז געשטאנען און האט שטיל ארויפגעקוקט צו אונז, ציהענדיג די לופט מיט די צוקענדיגע נאזלעכער. דערנאך האבען זיי א ברום געטון, האבען ווידער אמאל א קוק געטון צום פייער און האבען זיך צוריקגעקערט אין וואלד אריין.

איך און ל א נ ג ־ א ו י ע ר זיינען פארבליבען אויפ'ן בוים נאך לענגער און האבען געוואכט. מיר האבען פון צייט־צו־צייט געקאנט הערען, ווי שווערע קערפער ברעכען זיך דורך א וועג דורך געדיכטע בוימלעך און בושען, און פון דער פינסטערניש אויף דער אנדערער זייט, אריבער דעם קרייז, האבען מיר געקאנט זעהן אויגען, וועלכע האבען געפינקעלט אין דעם ליכט פון פייער. פון דערווייטענס האט זיך צו אונז דערטראגען דאס ברומען פון א לייב און דאס שרייען פון אן אנגעגריפענער חיה, וועלכע איז געפאלען מיט א פליעסק און זיך געווארפען ערגעץ אין א וואסער. פון דעם טייך איז אויך אנגעקומען צו אונז א הויכע גרונצעריי פון רינאצערוסען.

אין פריהמארגען, אויפכאפענדיג זיך פון שלאף, האבען מיר זיך ווידער געצויגען צום פייער. ער האט נאך געטליעט, און די פ י י ע ר ־ מ ע נ ש ע ן זיינען שוין אוועקגעגאנגען. מיר זיינען פון זיכערקייט'ס וועגען ארומגעגאנגען ארום דעם וואלד און ערשט דערנאך צוגעלאפען צום פייער. איך האב געוואלט זעהן, וואס דאס איז אזוינס, און האב מיט צוויי פינגער אויפגעהויבען א גליהענדיגע קיהל. איך האב מיט א געשריי פון וועהטאג און שרעק גלייך אראפגעלאזט די קויהל; ל א נ ג ־ א ו י ע ר האט זיך געלאזט אין ווילדער שרעק לויפען איבער די בוימער — און איך נאך איהם.

דאס צווייטע מאל זיינען מיר שוין צוגעקומען מיט מעהר פארזיכט און האבען אויסגעמיטען די גליהענדיגע קויהלען. מיר האבען זיך א נעם געטון נאכצומאכען די פ י י ע ר ־ מ ע נ ש ע ן.

מיר האבען זיך צוגעזעצט צום פייער און, ארויפלייגענדיג די קעפ אויף די קני, האבען מיר זיך געמאכט, ווי מיר וואלטען געשלאפען. דערנאך האבען מיר נאכגעמאכט זייער רעדען, רעדענדיג איינער צום אנדערען אין א מין קוידערוועלש. איך האב זיך דערמאנט, ווי דער אויסגעדאורטער אלטער יעגער האט מיט א שטעקעל צע־שארט דאס פייער. איך האב אויך צעשארט מיט א שטעקעל דאס פייער, ארויסגראבענדיג א מאסע ברענענדיגע קויהלען און אויפ־הויבענדיג גאנצע וואלקענס ווייסען אש. דאס איז געווען פאר אונז א פיין שפיל, און אינגיכען זיינען מיר אינגאנצען ווייס געווארען פון אש.

עס איז געווען אומפארמיידליך, אז מיר זאלען נאכמאכען די פ י י ע ר ־ מ ע נ ש ע ן אין דעם אויפהאלטען פון פייער. לכתחילה האבען מיר דאס געפרואווט טון מיט קליינע שטיקלעך האלץ. עס איז אונז געלונגען. דאס האלץ האט זיך אנגעכאפט און גענומען קנאקען, און מיר האבען פון פרייד געטאנצט און געפלאפעלט. דערנאך האבען מיר אנגעהויבען צוווארפען גרעסערע שטיקער האלץ. מיר האבען צוגעלייגט נאך און נאך, ביז וואנען מיר האבען באקומען א זעהר גרויס פייער. מיר זיינען מיט אימפעט גע־לאפען היין און צוריק, שלעפענדיג פון וואלד טויטע צווייגען. די פלאמען האבען זיך אויפגעריסען אלץ העכער און העכער און דער זייל פון רויך האט זיך אויפגעהויבען אריבער די ביומער. די פלאמען האבען אויפגעברויזט און דאס קנאקען און קראכען פון האלץ איז געווען שרעקליך. דאס איז געווען די מאנומענטאלסטע ארבייט, וואס מיר האבען אמאל אויפגעטון מיט אונזערע אייגענע הענט, און מיר זיינען דערויף שטאלץ געווען. מיר זיינען אויך געווען פ י י ע ר ־ מ ע נ ש ע ן, האבען מיר געטראכט, טאנ־צענדיג ביי דער שרפה, ווי ווייסע גנאמען.

דאס פייער האט פארכאפט דאס טרוקענע גראז און די בושען, אבער מיר האבען דאס נישט באמערקט. פלוצלינג איז א גרויסער

בוים ביים ראנד פון דעם אפענעם פלאץ ארומגעכאפט געווארען פון די פלאמען. מיר האבען געקוקט אויף איהם מיט צעשראקענע אויגען. די היץ, וואס האט געזעצט פון איהם, האט אונז געטריבען אויף צוריק. עס האט זיך אנגעכאפט אן אנדער בוים, דערנאך נאך איינער, און באלד האבען שוין געברענט ארום זעקס ביימער. עס איז אויף אונז געפאלען א מורא. דער מאנסטער האט זיך פאנאנדערגעלאזט. מיר האבען זיך איינגעקארטשעט פון שרעק, בעת דאס פייער האט ארומגעכאפט דעם גאנצען קרייז און האט אונז איינגעשלאסען אין איהם. ל א נ ג - א ו י ע ר ׳ ס אויגען האבען אנגענומען דעם טרויעריגען בליק, וועלכער איז אלע מאל געקומען צוזאמען מיט אן אומפארשטענדיגער זאך, און איך וויים, אז אין מיינע אויגען האט געמיזט זיין דערזעלביגער בליק. מיר האבען זיך ארומגענומען און זיך געטוליעט איינער צום אנדערען, ביז וואנען די היץ האט אנגעהויבען דערגעהן צו אונז און מיר האבען דערפיהלט דעם גערוך פון געסמאליעטע האר. דעמאלט זיינען מיר פון דארט שנעל ארויס און האבען זיך אוועקגעלאזט דורכ׳ן וואלד צו מערב־צו, אומקוקענדיג זיך יעדע ווייל און לאכענדיג בעת׳ן לויפען.

אין מיטען טאג זיינען מיר אנגעקומען צו א שמאלען פאס לאנד, וואס איז פארמירט געווארען, ווי מיר האבען שפעטער אויסגעפונען, דורך א גרויסען אויסבויג פון טייך, וועלכער האט דארט כמעט פארענדיגט א קרייז. גלייך אריבער דעם פאס לאנד זיינען געלעגען אנגעווארפען איניגע נידעריגע און טיילוויז באוועלדעלטע בערגלעך. מיר האבען אהין ארויפגעקלעטערט און געקוקט צוריק צום וואלד וועלכער איז געווארען א ים פון פייער, וואס דער ווינט האט געיאגט צו מזרח־צו. מיר זיינען אוועק ווייטער אין דער ריכטונג פון מערב, פאלגענדיג נאך דעם ברעג פון טייך, און איידער מיר האבען זיך נאך ארומגעקוקט, זיינען מיר שוין געווען אין דער מיט פון דעם פלאץ, וואו דאס פ י י ע ר - פ א ל ק האט געוואוינט.

דער דאָזיגער פּלאַץ איז געווען אַ פיין־אויסגעקליבענער סטראַטעגישער פּונקט. דאָס איז געווען אַ האַלב־אינזעל, וואָס איז פון דריי זייטען באַשיצט געווען דורך דעם אויסגעבויגענעם טייך. נאָר פון איין זייט האָט מען אַהין געקאָנט צוקומען מיט דער יבשה. דאָס איז געווען דער שמאָלער פּאַס פון דעם האַלב־אינזעל, און די עטליכע נידעריגע בערגלעך זיינען דאָ געווען אַ נאַטירליכע פאַרצאַמונג.

זייענדיג אָפּגעזונדערט פון דער גאַנצער וועלט, האָט דאָס פ י י ע ר ־ פ אָ ל ק געמוזט דאָ לעבען און געדייהען אַ לאַנגע צייט. און ווירקליך, איך רעכען, אַז זייער געדייהונג איז דאָס שולדיג געווען אין דער שפּעטערדיגער אויסוואַנדערונג, וועלכע האָט געבראַכט אַזאַ אומגליק אויף דער האָרדע. די פ י י ע ר ־ מ ע נ־ ש ע ן האָבען געמוזט זיך פאַרמעהרען, ביז וואַנען עס איז זיי געוואָרען ענג און אומבאַקוועם אין די גרענעצען פון זייער וואוינאָרט. זיי האָבען זיך צעשפּרייט איבער דער געגענד, פאַרטריי־בענדיג פון זיך די האָרדע, האָבען זיך באַזעצט אין די היילען און פאַרנומען אונזער טעריטאָריע.

אָבער איך און ל אַ נ ג ־ אָ ו י ע ר האָבען אַפילו נישט גע־חלום׳ט וועגען דעם, ווען מיר האָבען זיך געפונען אויף דעם באַ־פעסטיגטען פּלאַץ פון דעם פ י י ע ר ־ פ אָ ל ק. מיר האָבען געהאַט נאָר איין געדאַנק, און דאָס איז, וואָס גיכער אַוועקצוגעהן פון דאָרטען, כאָטש מיר האָבען זיך נישט געקאָנט העלפען נישט נאָכצוגעבען אונזער נייגיר צו כאַפּען אַ קוק אויפ׳ן דאָרף. מיר האָבען צום ערשטען מאָל דערזעהען די פרויען און קינדער פון די פ י י ע ר ־ מ ע נ ש ע ן. די לעצטע זיינען דאָס רוב אָרום־געלאָפען נאַקעט, בעת די ערשטע האָבען געטראָגען אויף זיך פעל־כעלער פון ווילדע חיות.

די פ י י ע ר ־ מ ע נ ש ע ן האָבען, ווי מיר, געלעבט אין היילען. דער אָפענער פּלאַץ פאַר די היילען האָט זיך אַראָפּגעלאָזט

צום טייך, און עס האבען דארט געברענט פיעל קליינע פייערען. צי די פ י י ע ר ־ מ ע נ ש ע ן האבען געקאכט שפייז, אדער ניין, — דאס ווייס איך נישט. איך און ל א נ ג ־ א ו י ע ר האַבען זיי נישט געזעהען קאכען. דאך בין איך מיט דער מיינונג, אז זיי האבען געוויס געמוזט פראקטיצירען דאס קאכען אויף א מין גראבען שטייגער. זיי האבען, ווי מיר, געטראגען אין קירבעסען וואסער פון טייך. די פרויען און קינדער האבען הויך געשריגען און זיינען ארומגעלאפען פארהאוועט היז און צוריק. די קינדער האבען זיך געשפילט, געטומעלט, האבען געמאכט אלערליי שטיק כמעט אויף דעם זעלביגען אופן, ווי עס האבען דאס געטוין די קינדער פון דער הארדע, און זיי זיינען געווען מעהר געראטען אין די קינדער פון דער הארדע, איידער די דערוואקסענע פ י י ע ר ־ מ ע נ ש ע ן זיינען געווען געראטען אין די דערוואקסענע פון דער הארדע.

איך און ל א נ ג ־ א ו י ע ר האבען זיך דארט לאנג נישט ארומגעבלאנקעט. מיר האבען געזעהען, ווי אייניגע גרעסערע אינגלעך האבען געשאסען פון פיילענבויגענס, און מיר האבען זיך שטילערהייט אויסגעדרעהט צוריק אין וואלד אריין צווישען די געדיכטערע בוימער און זיך אוועקגעלאזט צום טייך. און דארט האבען מיר געפינען א פליט, אן עכטע פליט, ווייזט אויס,געמאכט פון איינעם פון די פ י י ע ר ־ מ ע נ ש ע ן. די צוויי קלעצער זיינען געווען קליין און גלייך און צוזאמענגעבונדען מיט דער הילף פון הארטע ווארצלען און קווערברעטלעך.

דאס מאל איז דער געדאנק איינגעפאלען אונזביידען מיט אמאל. מיר האבען דאך געוואלט אנטלויפען פון די פ י י ע ר ־ מ ע נ ש ע נ'ס טעריטאריע. און וואס האט נאך געקאנט זיין בעסער, ווי אריבערגעהן דעם טייך אויף די דאזיגע קלעצער? מיר זיינען ארויף אויף די קלעצער און האבען זיי אפגעשטופט פון ברעג. אבער עפעס האט פלוצלינג א כאפ געטוין די פליט און האט זי מיט

קראַפּט צוריק אַ שטויס געטון צום ברעג. פון דעם דאָזיגן שאַר־פּען אָפּשטעל זיינען מיר שיער נישט אַריינגעשליידערט געוואָרען אין וואַסער אריין. די פּליט איז געווען צוגעבונדען צו אַ בוים מיט אַ שטריק פון צוזאַמענגעפלאָכטענע וואַרצלען. מיר האָבען אָפּגעבונדען די שטריק און ווידער אָפּגעשטופּט די קלעצער פון ברעג.

מיר האָבען איצט גענומען גוט רודערען און זיינען אָפּגעשוואָר־מען מיט'ן שטראָם אַזוי ווייט, אַז מיר האָבען געקאָנט אַרויסזעהן דעם גאַנצען פּלאַץ, וואו די פ י י ע ר ־ מ ע נ ש ע ן האָבען געוואוינט. קוקענדיג די גאַנצע צייט צום אַנדערען ברעג און זיי־ענדיג שטאַרק פאַרטון מיט דעם רודערען, האָבען מיר גאַרנישט באַמערקט, ביז וואַנען מיר האָבען נישט דערהערט אַ געשריי פון דעם ברעג. מיר האָבען זיך אומגעקוקט. פיעל פ י י ע ר ־ מ ע נ־ ש ע ן זיינען דאָרט געשטאַנען, האָבען געקוקט און געטייטעלט אויף אונז, און נאָך מעהר זיינען אַרויסגעקראָכען פון די היילען. מיר האָבען זיך אויפגעשטעלט צו זעהן, וואָס עס קומט דאָרטען פאָר און האָבען אינגאַנצען פאַרגעסען אַן דעם רודערען. עס איז געווען אַ גרויסע מהומה אויפ'ן ברעג. אייניגע פ י י ע ר ־ מ ע נ ש ע ן האָבען געשאָסען אויף אונז מיט זייערע בויגענס און עטליכע פיילען זיינען געפאַלען לעבען אונז, אָבער מיר זיינען געווען צו ווייט, אַז זיי זאָלען אונז קאָנען גרייכען.

דאָס איז געווען אַ גרויסער טאָג פאַר מיר און ל אַ נ ג ־ אַ ו י ע ר. אין מזרח האָט די שרפה, וואָס מיר האָבען אָנגעצונ־דען, באַדעקט אַ האַלבען הימעל מיט רויך. און איצט האָבען מיר אין פולער זיכערקייט זיך באַוועגט אין דער מיט פון טייך, אַרום דער באַפעסטיגטער טעריטאָריע פון דעם פ י י ע ר ־ פ אַ ל ק.

מיר זיינען געזעסען און האָבען געלאַכט פון זיי, בעת די קלע־צער האָבען זיך שנעל פאַרביינעטראָגען, דרעהענדיג זיך צו דרום, דרום־מזרח און מזרח, און אַפילו צו צפון־מזרח, און דערנאָך ווידער

אמאל צו מזרח, דרום־מזרח און דרום, און ווייטער ארום און ארום צו מערב, צו א גרויסען טאפעלטען אויסבויג, וואו דער טייך האט זיך כמעט פארבונדען אין א קנופ.

בעת מיר האבען זיך שנעל געטראגען צו מערב, מיט די פ י י ע ר ־ מ ע נ ש ע ן ווייט הינטער אונז, האט פאר אונזערע אויגען א בליץ געטון א באקענטע סצענע. דאס איז געווען דער גרויסער טרונק־פלאץ, וואוהין מיר האבען איינמאל אדער צוויי מאל פארבלאנדזשעט צו זעהן די חיות, ווען זיי זיינען געקומען אהין טרינקען וואסער. הינטער דעם פלאץ, האבען מיר געוואוסט, איז געווען דאס מערען־לאנד, און ווייטער זיינען געווען די היילען, וואו די הארדע האט געוואוינט. די פרויען און קינדער, די וואסער־פיהרער, האבען זיך איצט געפונען אין א היבשער צאל ביים טרונק־פלאץ, וואו זיי האבען אנגעפילט זייערע קירבעסען. ווען זיי האבען אונז דערזעהען, האבען זיי אין טויט־שרעק גענומען לויפען ארויף אויף די שטעגלעך, איבערלאזענדיג הינטער זיך איבער'ן גאנצען וועג די קירבעסען, וועלכע זיי האבען אראפגעווארפען אויף דער ערד.

מיר זיינען ארויף אויף דער יבשה און האבען נאטירליך פארנאכלעסיגט צוצובינדען די פלים, וועלכע איז אפגעשוואומען אויפ'ן טייך. מיר זיינען גאנץ פארזיכטיג ארויפגעקראכען אויף איינעם פון די שטעגלעך. די מענשען פון דער הארדע האבען זיך אלע באהאלטען אין זייערע לעכער, כאטש דא און דארט האבען מיר געקאנט זעהן א פנים, וואס האט ארויסגעקוקט צו אונז.

פון ר ו י ט ־ א ו י ג איז דא קיין סימן נישט געווען. מיר זיינען ווידער אמאל געווען אין דער היים. און יענע נאכט זיינען

מיר געשלאפען אין אינזער איינענער קליינער חייל אין דער הויף אויפ'ן פעלזענבארג, כאטש מיר האבען פריהער באדארפט ארויס־טרייבען פון דארטען א פאר קריעגעריש־געשטיממטע יונגע חברה־לייט, וועלכע האבען זי איבערגענומען.

## פערצעהנטער קאפיטעל

די צייט איז געגאנגען. די דראמע און די טראגעדיע פון דער צוקונפט האבען ערשט באדארפט ארויסגעפיהרט ווערען אויף דער ביהנע. מיר האבען דערוויייל געקנאקט ניס און זיך דערמיט דער־נערט. עס איז, געדענק איך, אין יענעם יאהר געווען א גערעטעניש אויף ניס. מיר פלעגען אנפילען קירבעסען מיט ניס און זיי אוועק־טראגען צום פלאץ, וואו מיר האבען זיי געקנאקט. מיר האבען זיי ארייגעלייגט אין גריבלעך אויף די פעלזען, האבען זיי צעקנאקט מיט א שטיין און זיי גלייך אויפגעגעסען.

עס איז געווען הערבסט־צייט, ווען ל א נ ג ־ א ו י ע ר און איך האבען זיך צוריקגעקערט פון אונזער לאנגער אוואנטורים־טישער רייזע, און דער ווינטער, וואס האט געפאלגט נאך דעם, איז געווען א מילדער. איך האב אפט געמאכט א שפאציר צו דער גע־גענד, וואו עס האט זיך געפונען מיין אמאליגע היים אויפ'ן בוים, איך האב אפטמאל ארומגעזוכט די גאנצע טעריטאריע, וועלכע ליגט צווישען דעם יאגדעם־זומפ און דער עפענונג פון דער זומפ־גרוב, וואו איך און ל א נ ג ־ א ו י ע ר האבען געלערנט נאוויגאציע, איך האב אבער נישט געקאנט געפינען קיין שום שפור פון דער ג ר י נ ג ־ פ י ס י נ ע ר. זי איז פארשוואונדען געווארען. און איך האב זיך אין איהר גענויטיגט. איך בין אנגעטריבען געווארען פון יענעם הונגער, וועגען וועלכען איך האב פריהער דערמאנט און וועלבער איז געווען נאהענט צו פיזישען הונגער, כאטש עס איז

אפטמאל אנגעפאלען אויף מיר גראד דעמאלט, ווען מיין מאגען איז געווען פול. אבער מיין גאנצע זובעניש איז געווען אומזיסט.

דאס לעבען אין די היילען איז פונדעסטוועגען נישט געווען מאנאטאן. מען האט בארארפט אינזינען האבען ר ו י ט־א ו י ג. איך און ל א נ ג־א ו י ע ר האבען אויף קיין איין מינוט נישט געהאט קיין רוה, סיידען נאר דאן, ווען מיר האבען זיך געפונען אין אונזער איינענער קליינער הייל. נישט געקוקט אויף דעם, וואס מיר האבען געמאכט גרעסער דעם ארייגאנג אין דער הייל, איז נאך געווען פאר אונז גאנץ שווער ארייגצושפארען זיך אהין. און כאטש מיר האבען פון צייט־צו־צייט אלץ מעהר פארגרעסערט דעם ארייגאנג, איז ער אבער נאך אלץ געווען צו קליין פאר ר ו י ט־א ו י ג ׳ס מאנסטרועזען קערפער.

ער האט אבער שוין מעהר קיינמאל נישט געשטורעמט אונזער הייל. ער האט מיך געהאט צו געדענקען, טראגענדיג אויפ׳ן געניק אן אויפגעלאפענעם גוז צו ווייזען, וואו איך האב איהם געטראפען מיט׳ן שטיין. דער דאזיגער גוז איז קיינמאל נישט אפגעגאנגען און ער איז געווען גאנץ היבשליך, אז מען זאל איהם קאנען ארויס־זעהן פון דער ווייטענס. איך האב אפטמאל געקליבען נחת, בא־טראכטענדיג דעם דאזיגען באוויז פון מיין האנט־ווערק; און אמאל, ווען איך בין געווען אין פולער זיכערקייט, האט דער אנבליק פון דעם גוז ארויסגערופען ביי מיר א געלעכטער.

כאטש די איבעריגע מענשען פון דער הארדע וואלטען אונז נישט געקומען צו הילף, ווען ר ו י ט־א ו י ג וואלט אפילו מיך און ל א נ ג־א ו י ע ר געריסען פאר זייערע אויגען אויף שטי־קער, האבען זיי פונדעסטוועגען מיט אונז סימפאטיזירט. אפשר איז דאס נישט געווען קיין סימפאטיע, נאר זייער שטייגער אויס־צודריקען זייער האס צו ר ו י ט־א ו י ג; יעדענפאלס האבען זיי אונז אלע מאל געווארענט וועגען זיין אנקומען. צי דאס איז געווען אין וואלד, ביי די טרונק־פלעצער, אדער אויפ׳ן אפענעם

פלאץ פאר די היילען, האבען זיי אלע מאל זיך נעאיילט צו ווארע־נען אונז. אויף אזא אופן האבען מיר נעהאט דעם פארצונ פון פיעל אוינען אין אונזער קריענעריי מיט ר ו י נ ־ א ו י נ.

איינמאל האט ער מיך שיער נישט געכאפט. עס איז געווען גאנץ פריה און די הארדע איז נאך נישט געווען אויפגעשטאנען. מיין איבעראשונג איז געווען א פולשטענדיגע. דער וועג איבער׳ן בארג, וואס האט געפיהרט ארויף צו מיין הייל, איז געווען פון מיר אפגעשניטען. איידער נאך איך האב וועגען דעם געוואוסט, בין איך אריינגעלאפען אין דער טאפעלטער הייל, אין דערזעלביגער הייל, וואו ל א נ ג ־ א ו י ע ר האט איינמאל מיט יארען צוריק פון מיר זיך ארויסגעדרעהט און וואו דער אלטער ש ו ו ע ר ד־צ א ה ן איז געבליבען ביי גארנישט, ווען ער האט פארפאלגט די צוויי מענשען פון דער הארדע. ווען איך בין דורכגעגאנגען דעם שמאלען דורכגאנג צווישען די צוויי היילען, האב איך באַ־מערקט, אז ר ו י ט ־ א ו י נ האט נישט געפאלגט נאך מיר. אין א ווייל ארום איז ער אריין אין דער הייל. איך האב זיך א לאז געטון צוריק און זיך דורכגעשפארט דורכ׳ן דורכגאנג. ער איז ארויס פון דער הייל, איז געגאנגען ארום און ארום און איז ווידער אריינגעגאנגען אהין צו כאפען מיך. איך האב די גאנצע צייט מעהר נישט געטון, ווי נאר געהאלטען אין איין דורכשלייכען זיך דורך דעם דורכגאנג.

ער האט מיך דארטען געהאלטען א האלבען טאג, איידער ער האט אויפגעגעבען דאס יאגען זיך נאך מיר. פון דעמאלט אן, ווען איך און ל א נ ג ־ א ו י ע ר זיינען געווען גאנץ זיכער צו קאנען דערגרייכען אין צייט די טאפעלטע הייל, בעת ר ו י ט ־ א ו י נ האט זיך באוויזען, זיינען מיר שוין מעהר נישט געלאפען ארויף אויפ׳ן בארג צו אונזער איינענער הייל. דאס איינציגע, וואס מיר האבען געטון, איז געווען צו האלטען אויף איהם אן אויג און צו זעהן, אז ער זאל אונז נישט פארשטעלען דעם וועג פון אונזער צוריקטריט.

אין פארלויף פון דעם דאזיגען ווינטער האט עס ר ו י ט־א ו י ג דורך שלעכטער באהאנדלונג און שטענדיגען שלאגען גע־הרג'עט זיין לעצט ווייב. איך האב איהם אנגערופען אן אטאוויס־טישע ערשיינונג, אבער אין דער דאזיגער הינזיכט איז ער נאך געווען ערגער פון ד'עם, ווייל די זכרים פון די נידעריגערע חיות באנעהען זיך נישט שלעכט און טויטען נישט זייערע ווייבער. און דעריבער רעכען איך, אז ר ו י ט־א ו י ג, נישט געקוקט אויף זיינע שרעקליכע אטאוויסטישע נייגונגען, האט מיט זיך פארגע־שטעלט אן אנזאג אויף דעם אנקומען פון דעם מענשען, ווייל נאר די זכרים פון דעם מענשליכען מין טויטען זייערע ווייבער.

ווי עס איז געווען צו דערווארטען, האט ר ו י ט־א ו י ג, ווערענדיג פטור פון איין פרוי, זיך גלייך גענומען זוכען אן אנדערע. זיין אויסוואל האט זיך אפגעשטעלט אויף דער ז י נ ג ע נ ד י־ג ע ר. זי איז געווען דאס אייניקעל פון דעם אלטען מ א ר ד־ב י י ן און די טאכטער פון דעם ה א ר ל א ז ע ז. דאס איז געווען א יונג באשעפעניש, וואס פלעגט אין דעמערונג זעהר פיעל זינגען ביים אריינגאנג פון איהר הייל, און זי האט ערשט נישט לאנג זיך צונויפגעפּארט מיט ק ר ו ם־פ ו ס. ער איז געווען א שטיל פארשווינדעל, וואס האט זיך מיט קיינעם נישט פארטשעפעט און האט נישט ליב געהאט ארומצורייסען זיך מיט זיינע חברים. ער איז גארנישט געווען קיין שלעגער. ער איז געווען קליין און דאר און איז נישט געווען אזוי פלינק אויף זיינע פיס, ווי מיר אלע.

ר ו י ט־א ו י ג האט קיינמאל נישט אויפגעטון קיין מעהר שווידערליכע זאך. עס איז געווען אין דער שטילער צייט ביים סוף פון טאג, ווען מיר אלע האבען אנגעהויבען צונויפזאמלען זיך אויף דעם אפענעם פלאץ פאר'ן פארקלייבען זיך אין די היילען. פלוצ־לינג איז די ז י נ ג ע נ ד י ג ע דורך א שטענגעל ארויפגעלאפען מיט אימפעט פון איינעם פון די טרונק־פלעצער, און ר ו י ט־א ו י ג — נאך איהר. זי איז צוגעלאפען צו איהר מאן. דער ארימער ק ר ו ם־פ ו ס האט זיך גוואלדיג דערשראקען. ער

איז אבער געווען א העלד. ער האט געוואוסט, אז עס דערוואַרט איהם דער טויט, און דאך איז ער נישט אנטלאָפען. ער האט זיך אויפגעשטעלט, האט געפלוידערט און געוויזען זיינע ציינער.

ר ו י ט ־ א ו י ג האט געברומט מיט צארן. עס איז געווען פאר איהם א באַליידיגונג, אז עמיצער פון דער הארדע זאָל וואגען צו שטעלען זיך קעגען איהם. ער האט אויסגעשטרעקט די האנט און האט א כאפ געטון ק ר ו ם ־ פ ו ס פאר'ן גניק. דער לעצ־טער האט זיך איינגעביסען מיט די ציינער אין ר ו י ט־א ו י ג'ס אָרעם; אבער אין א וויל ארום האט ק ר ו ם ־ פ ו ס מיט א צעבראכענעם גניק זיך שוין געדרעהט און געצאפעלט אויף דער ערד. די ז י נ ג ע נ ד י ג ע האט געקוויטשעט און געפלאפעלט. ר ו י ט ־ א ו י ג האט זי א כאפ געטון פאך די האר פון קאפ און האט זי גענומען שלעפען צו זיך אין הייל אריין. ער האט בעת'ן קלעטערען אויפ'ן בארג זי באהאנדעלט זעהר גראב; און אזוי האט ער, שלעפענדיג און רייסענדיג, געבראכט זי צו זיך אין הייל.

מיר זיינען געווען זעהר אויפגעבראכט, — וואנזיניג, ווילד אויפגעבראכט. די האר האבען זיך ביי אונז אויפגעשטעלט קאפויר, מיר האבען זיך געקלאפט מיט די פויסטען אין ברוסט, האבען גע־קריצט מיט די ציינער און האבען אין אונזער צארן זיך צוזאמענ־געקליבען אלע אינאיינעם. מיר האבען דערפיהלט די אנרעגונג פון דעם הערדען־אינסטינקט, דעם אימפולס צו קאאפעראציע. די דאזיגע נויטווענדיגקייט פון א פאראייניגטער האנדלונג האט זיך אין אונז געלאזט פיהלען אויף אלערליי טונקעלע אופנים. מיר האבען אבער נישט געקאנט דאס דערפיהרען ביז'ן סוף, ווייל מיר האבען עס נישט געקאנט אויסדריקען. מיר האבען זיך נישט א לאז געטון אלע צוזאמען צו ר ו י ט ־ א ו י ג און האבען איהם נישט פארניכטעט נאך דערפאר, ווייל עס האבען אונז געפעלט ווערטער. עס האבען אונז געפעלט סימבאלען פאר אונזערע טונ־קעלע געדאנקען. די דאזיגע געדאנקען־סימבאלען האבען ערשט באדארפט לאנגזאם און מיט גרויס שוועריגקייט ערפונדען ווערען.

מיר האבען געפרואווט אויסדריקען די טונקעלע געדאנקען, וועלכע זיינען ווי שאטענס, דורכגעפלויגען דורך אונזער באוואוסט־זיין. דער האר לאזער האט אנגעהויבען פלוידערען הויך אויפ'ן קויל. מיט זיין ליארעמען האט ער אויסגעדריקט זיין כעס צו רויט־אוינג און זיין פארלאנג איהם וועה צו טון. נאר אויף אזוי ווייט האט ער געקאנט געהן, און אויף אזוי ווייט האבען מיר איהם פארשטאנען. ווען ער האט אבער געפרואווט אויסדריקען דעם קאאפעראטיווען אימפולס, וואס האט זיך גערעגט אין איהם, איז זיין פלוידעריי געווארען אומפארשטענדיג. דערנאך האט גרויס־נעזיכט, קלאפענדיג זיך אין דער ברוסט, אנגעהויבען פלוידערען, און די האר האבען זיך ביי איהם בעת מעשה אנגעשטייפט. איינער נאכ'ן אנדערען זיינען מיר אלע צוגעשטאנען צו דער דאזינער ארגיע פון צארן, און אפילו דער אלטער מארד־ביין האט געמורמעלט און נעגאווערט מיט זיין גע־בראכענער שטים און פארטריקענטע ליפען. עמיצער פון אונז האט געכאפט א שטעקען און אנגעהויבען קלאפען מיט איהם איבער א קלאץ. אין א ווייל ארום האט ער אויסגעקלאפט א געוויסען ריטם. און אונזערע געשרייען און אויסרופען האבען אומבאוואוסט־זיניג זיך אונטערגעגעבען דעם דאזיגען ריטם. דאס האט געהאט אויף אונז א בארוהיגענדיגע ווירקונג; און איידער נאך מיר האבען זיך ארומגעקוקט, האבען מיר שוין פארגעסען אן אונזער כעס און האבען מיט אלע אונזערע כחות געפילדערט אלע צוזאמען.

די דאזיגע פארזאמלונגען אילוסטרירען אויפ'ן בעסטען אופן די נישט־אויסגעהאלטענקייט און אומבאשטענדיגקייט פון דער הארדע. אונזער צארן און דער אימפולס צו קאאפעראטיווער האנד־לונג האט אונז אלעמען צוזאמענגעפיהרט, עס איז אבער גענוג געווען אויסצוגעפינען א גראבען ריטם, אז מיר זאלען פארגעסען אן אלץ מיט אנאנדער. מיר זיינען געווען געזעלשאפטליך, האבען פארמאגט א הערדען־אינסטינקט און די דאזיגע פארזאמלונגען פון נעלעכטער און געזאנג האבען אונז צופרידענגעשטעלט. די דאזיגע

טומעלדיגע פארזאמלונגען האבען אין א געוויסער מאס פארגע־
שטעלט מיט זיך אן אנזאג אויף די באראטונגען פון דעם פרימיטי־
ווען מענשען און אויף די גרויסע נאציאנאלע פארזאמלונגען און אינ־
טערנאציאנאלע צוזאמענקונפטען פון דעם מענשען פון די שפעטערע
צייטען. אבער אונז, די מענשען פון דער א י נ ג ע ר ע ר ו ו ע ל ט
האט געפעלט דאס לשון. און ווען מיר זיינען זיך צוזאמענגעקומען,
האבען מיר באלד אויפגעהויבען א טומעל, פון וועלכען עס איז
ארויסגעקומען אן איינשטימיגער ריטם, וואס האט אנטהאלטען אין
זיך די עסענץ פון דער צוקונפטיגער קונסט. דאס איז געווען דער
אנהויב פון דער קונסט.

די דאזיגע אויסגעקלאפטע ריטמען האבען זיך ביי אונז לאנג
נישט געהאלטען. א ריטם איז באלד פארלארען געגאנגען, און
דעמאלט האט געהערשט ביי אינז א ווילדער טומעל, ביז וואנען
מיר האבען נישט צוריקגעפונען דעם דאזיגען ריטם אדער געשאפען
א נייעם. צייטענווייז האבען מיר געהאט עטליכע ריטמען מיט
אמאל און יעדערער פון זיי איז אונטערגעהאלטען געווארען פון א
באזונדערער גרופע, וועלכע האט מיט אלע כחות געשטרעבט צו
פארטויבען די איבעריגע ריטמען.

אין דער צייט פון גערודער האט יעדער איינער געפלאפעלט,
געטומעלט, געגוואלדעוועט, געקוויטשעט און געטאנצט; יעדער
איינער האט דערביי אינזינען געהאט נאר זיך אליין און איז פאר־
טון געווען נאר אין זייגע אייגענע געדאנקען און פארלאנגען; יעדער
איינער איז געווען פאר זיך דער צענטער פון דער וועלט און איז
זיך דערוווייל צעגאנגען מיט די איבעריגע וועלט־צענטערען, וועלכע
זיינען געשפרונגען און האבען געגוואלדעוועט ארום איהם. דער־
נאך איז געקומען דער ריטם — א פאטשעריי מיט די הענט; דאס
קלאפען מיט א שטעקען איבער א קלאץ; דער ביישפיל פון איינעם,
וואס איז געשפרונגען נאכאנאנד; אדער דאס זינגען פון איינעם,
וואס האט אויסגעבראכען אין א רעגעלמעסיג־שטייגענדיגען און

זינקענדיגען געשריי „בום־בום! בום־בום!...“ איינער נאך דעם אנדערען האבען זיי זיך אונטערוואַרפען ... ער דעם ריטם, און באלד האבען אלע שוין געטאַנצט אדער געזונגען אין כאר. „האַ־אַה, האַ־אַה, האַ־אַה־האַ!“ איז געווען איינער פון אונזערע באליבטע כארען, און אַן אנדער כאר איז געווען „עה־וואַה, עה־וואַה, עה־וואַה־האַה!“

אַט־אזוי האבען מיר, מאַכענדיג משוגע'נע עויות, שפרינגענדיג, דרעהענדיג זיך און וויגענדיג זיך, געטאַנצט און געזונגען אין דער טונקעלער דעמערונג פון דער פרימיטיווער וועלט, ביז וואנען מיר האבען זיך פארגעסען, האבען דערגרייכט אַן איינשטימיגקייט און זיינען דערגאַנגען ביז צו ווילדער משוגעת. אויף אזא אופן האבען מיר עס דורך קונסט געשטילט אונזער צאָרן קעגען ר ו י ט ־ א ו י ג און האבען אונגעהאלטען די ווילדע כאָר־קוויטשעריי, ביז וואנען די נאכט האט אונז געווארענט וועגען איהרע שרעקען און מיר זיינען זיך פאנאנדערגעגאנגען אין אונזערע לעכער אויף די פעלזען און שטיל גערופען איינע צו די אנדערע, בעת עס האבען זיך באוויזען די שטערען און עס איז צוגעפאלען די פינסטערניש.

מיר האבען מורא געהאט נאר פאר דער פינסטערניש. מיר האבען נישט פארמאגט קיין שום עמבריא פון רעליגיע, קיין שום אויפפאסונג פון א נישט־געזעהענער וועלט. מיר האבען נאר געקענט די רעאלע וועלט, און די זאכען, פאר וועלכע מיר האבען מורא געהאט, זיינען געווען די רעאלע זאכען, די קאנקרעטע געפארען, די לעבעדיגע רויב־חיות. צוליב זיי האבען מיר זיך דאס געשראקען פאר דער פינסטערניש, ווייל די פינסטערניש איז געווען די צייט פון די רויב־חיות. דעמאלט פלעגען זיי דאס ארויסקומען פון זייערע נארעס און ארויפכאפען זיך אויף עמיצען פון דער פינסטערניש, פון וואנען זיי האבען באהאלטענערהייט געלויערט.

עס איז מעגליך, אז פון דער דאזיגער מורא פאר די רעאלע באוואוינער פון דער פינסטערניש האט די מורא פאר די אומרעאלע באוואוינער זיך שפעטער אנטוויקעלט און דערגרייכט איהר העכ־

סטען פונקט אין א גאנצער מאכטיגער נישט־געזעהענער וועלט. ווען די מענשליכע פאנטאזיע האט זיך אנטוויקעלט, האט זיך מן הסתם אויך פארגרעסערט די מורא פאר׳ן טויט, ביז וואנען די שפע־טערדיגע מענשען פון דער הארדע האבען די דאזיגע מורא אויך אריבערגעטראגען אויף דער פינסטערניש און זי באזעצט מיט גייס־טער. איך רעכען, אז די פ י י ע ר ־ מ ע נ ש ע ן האבען שוין אנגעהויבען אויף דעם דאזיגען שטייגער מורא האבען פאר דער פינסטערניש; אבער די אורזאכען, וואס האבען אונז באוועגט אי־בערצורייסען אונזער כאר און צעלויפען זיך איבער די היילען, זיינען געווען די לייבען און די שאקאלען, דער אלטער ש ו ו ע ר ד ־ צ א ה ן, די ווילדע הינט און די וועלף און די אלע הונגעריגע פלייש־פרעסענדיגע באשעפענישען.

## פופצעהנטער קאַפּיטעל

ל א נ ג ־ א ו י ע ר האָט חתונה געהאַט. דאָס איז פאָרגעקומען גאַר אומגעריכט, אין דעם צווייטען ווינטער נאָך אונזער אוואַנטוריסטישער רייזע. ער האָט מיר וועגען דעם גאָרנישט געלאַזט וויסען. איינמאָל אין דעמערונג, בעת איך האָב אַרויפגעקלעטערט אויפ'ן באַרג אַריינצוקומען אין אונזער הייל, האָב איך צום ערשטען מאָל וועגען דעם זיך דערוואוסט. איך האָב זיך אַריינגעשפּאַרט אין דעם אַריינגאַנג און האָב זיך דאָרט אָפּגעשטעלט. עס איז אין הייל נישט געוועזען קיין פּלאַץ פאַר מיר. ל א נ ג ־ א ו י ע ר און זיין חבר'טע האָבען זי פאַרנומען, און זי איז געוועזען נישט קיין אַנדערע, ווי מיין שוועסטער, די טאָכטער פון מיין שטיף־פאָטער, דעם פ ל ו י ד ע ר ע ר.

איך האָב געפּרואווט מיט גוואַלד אַריינצושפּאַרען זיך אַהין. עס איז דאָרט געוועזען פּלאַץ נאָר פאַר צוויי, און דער דאָזיגער פּלאַץ איז שוין געוועזען פאַרנומען. זיי האָבען געהאַט איבער מיר די אויבערהאַנט און האָבען מיך אַזוי געדראַפּעט און געריסען פאַר די האָר, אַז איך בין געוועזען צופרידען צוריקצוציהען זיך. אין יענער נאַכט און אין פיעל אַנדערע נעכט בין איך געשלאָפען אין דעם דורכגאַנג פון דער טאָפּעלטער הייל. לויט מיין ערפאַרונג, האָט די הייל אויסגעזעהען צו זיין גאַנץ זיכער. פּונקט ווי דאָס פּאָרעל פון דער האָרדע האָט זיך אַמאָל אַרויסגעדרעהט פון דעם אַלטען ש ו ו ע ר ד ־ צ א ה ן און פּונקט ווי איך האָב זיך אַרויסגעדרעהט פון ר ו י ט ־ א ו י ג, אַזוי האָב איך גערעכענט, אַז איך וועל

קאיען ארויסדרעהען זיך פון די רויב־חיות, שלייכענדיג זיך הין און צוריק צווישען די צוויי היילען.

די ווילד־ע הינט זיינען מיר נאר פון זינען ארויס. זיי זיינען געווען גענוג קליין צו קאנען זיך דורכשפארען דורך יעדען דורכ־גאנג, דורך וועלכען איך האב געקאנט זיך דורכשפארען. איינמאל אין א נאכט האבען זיי מיך טאקע אויסגעשפירט. וואלטען זיי געווען ארייננקומען דורךביידע היילען מיטאמאל, וואלטען זיי מיך געווען כאפען. נאר אזוי ווי אייניגע פון זיי האבען זיך א לאז געטון צו מיר דורכ'ן דורכגאנג, בין איך ארויסגעלאפען דורך דער עפענונג פון דער אנדערער הייל. די איבעריגע הינט האבען זיך געפונען דרויסען. זיי האבען זיך געלאזט לויפען נאך מיר, בעת איך בין צו צום בארג און האב גענומען ארויפקלעטערען. איינער פון זיי, א מאגערע און הונגעריגע חיה, האט מיך א כאפ געטון, בעת איך האב זיך געגרייט א שפרונג צו טון. ער האט זיך איינ־געביסען מיט די צייהן אין מיין פוס און האט מיך שיער נישט ארונטערגעשלעפט. ער האט זיך פעסט אנגעהאלטען אן מיר, אבער איך האב זיך נישט באמיהט איהם אפצוטרייבען פון זיך, נאר אנגעווענדט אלע מיינע קרעפטען ארויפצוקלעטערען אלץ העכער און ווייטער פון די איבעריגע הינט.

און ערשט נאכדעם, ווי איך בין געווען זיכער פאר זיי, האב איך דערפיהלט דעם שרעקליכען וועהטאג אין פוס. געפינענדיג זיך איצט אויף א צעהן פוס איבער דער אויפגערייצטער מחנה הינט, וועלכע זיינען געשפרונגען, האבען זיך געדראפעט ארויף אויף דער וואנט און זיינען צוריקגעפאלען, האב איך א כאפ געטון דעם הונט פאר'ן גארגעל און האב גענומען איהם לאנגזאם ווערגען. איך האב א לאנגע צייט זיך מיט איהם ארומגעפיהרט. ער האט מיט די הינטערשטע לאפעס מיר געריסען און געצופט די האר און די הויט. און האט זיך אלץ געווארפען און געטרייסעלט, כדי ארונטער־צושלעפען מיך פון דער וואנט.

ענדליך האט ער פאנאנדערגענומען די צייהן און האט אפּ־געלאזט מיין צעביסען פלייש. איך האב איהם ארויפגעטראגען אויפ׳ן בארג און האב די נאכט פארבראכט אין דרויסען ביים ארייג־גאנג פון מיין אלטער הייל, וועלכע איז געווען פארנומען פון ל א נ ג ־ א ו י ע ר און מיין שוועסטער. אבער קודם כל האב איך באדארפט אויסהאלטען א שטורם פון זידלערייען מצד דער אויפגערעגטער הארדע פאר שטערען איהר שלאף. איך האב זיך אין זיי נוקם געווען. פון צייט־צו־צייט, ווען דער טומעל פון דער מחנה הינט אונטער׳ן בארג איז פארשטילט געווארען, האב איך אראפּ־געווארפען אויף זיי א שטיין, כדי איהם ווידער ארויסצורופען. נאך דעם האבען די זידלערייען פון דער אויפגעבראכטער הארדע זיך אנגעהויבען אויפסניי. אין פריהמארגען האב איך געטיילט דעם הונט מיט ל א נ ג ־ א ו י ע ר און זיין ווייב, און מיר זיינען אלע דריי עטליכע טעג נאכאנאנד געווען נישט קיין וועגעטארי־אנער און נישט קיין פרוכט־עסער.

ל א נ ג ־ א ו י ע ר׳ האט נישט געהאט קיין מזל צו זיין פרוי, — א גליק נאר, וואס זיין פארהייראט לעבען האט לאנג נישט געדויערט. ניט ער און ניט איך זיינען אין פארלויף פון דער דאזיגער צייט געווען גליקליך. איך בין געווען איינזאם. איך האב געליטען דערפון, וואס מען האט מיך ארויסגעווארפען פון מיין קליינער זיכערער הייל, און איך האב זיך עפעס נישט געקאנט צוזאמענקומען מיט עמיצען אנדערש פון די יונגעלייט. איך רעכען, אז מיין לאנג חבר׳ען זיך מיט ל א נג א ו י ע ר איז געווארען א געוואוינהייט.

עס איז אמת, אז איך וואלט געקאנט חתונה האבען; און איך וואלט טאקע העכסט־ווארשיינליך געווען חתונה האבען, ווען נישט דער מאנגעל פון פרויען אין דער הארדע. אין דעם דאזיגען מאנגעל, קאן מען זאגען, איז שולדיג געווען די איבער־מעסיגקייט פון ר ו ט ־ א ו י ג, און דאס ווייזט, וואס פאר א

געפאר ער איז געווען פאר דער עקזיסטענץ פון דער הארדע. ווייטער האט מיר נאך געשטערט די ג ר י נ ג - פ י ס י ג ע, אז וועלכער איך האב נישט פארגעסען.

יעדענפאלס האב איך אין דער צייט פון ל א נ ג - א ו י ע ר ' ס פארהייראטען לעבען זיך קיין ארט נישט געקאנט געפינען; איך בין יעדע נאכט געווען אין סכנה און האב זיך קיינמאל נישט גע־פיהלט באקוועם. איינער פון דער הארדע איז געשטארבען און זיין פרוי איז אריינגענומען געווארען אין דער הייל פון אן אנדע־רען. איך האב פארנומען די לעדיגע הייל, אבער זי האט געהאט א ברייטע עפענונג, און נאכדעם, ווי ר ו י ט - א ו י ג האט מיך דארט איינמאל שיער נישט געכאפט, האב איך ווידער אנגעהויבען שלאפען אין דעם דורכגאנג פון דער טאפעלטער הייל. אין פאר־לויף פון דעם זומער פלעג איך אבער אויף וואכענלאנג אוועק פון די היילען און שלאפען אויף א בוים לעבען דער עפענונג פון דער זומפ־גרוב, וואו איך האב פאר זיך געמאכט א נעסט.

איך האב געזאגט, אז ל א נ ג - א ו י ע ר איז נישט געווען גליקליך. מיין שוועסטער איז געווען דעם פ ל ו י ד ע ר ע ר ' ס טאכטער און זי איז ל א נ ג - א ו י ע ר דערגאנגען די יאהר. אין קיין שום אנדערער הייל איז נישט פארגעקומען אזוי פיעל צאנקערייען און רייסערייען, אויב ר ו י ט - א ו י ג איז געווען א „בלויע באָרד" איז ל א נ ג - א ו י ע ר געלעגען אונטער זיין ווייב'ס פאנטאפעל; און איך שטעל זיך פאר אז ר ו י ט - א ו י ג איז געווען צו ליסטיג צו האבען אמאל חשק צו ל א נ ג - א ו י ע ר ' ס ווייב.

צו ל א נ ג - א ו י ע ר ' ס גליק איז זי געשטארבען. יענעם זומער האט געטראפען אן אויסערגעוועהנליכע זאך. כמעט שוין ביים סוף פון זומער זיינען אויפגעקומען צום צווייטען מאל די דינ־ווארצעלדיגע מער־ריבען. די דאזיגע אומגעריכט־אויפגעקומענע ווארצלען זיינען געווען יונג, זאפטיג און ווייך. און דאס מערען־

לאַנד איז פאַר אַ געוויסער צייט געוואָרען דער באַליבטער שפּייז־פּלאַץ פון דער האָרדע. איינמאָל אין אַ פריהמאָרגען זיינען עט־ליכע צענדלינג מענשען פון דער האָרדע געקומען אהין עסען אָנ־בייסען. פון איין זייט לעבען מיר האָט זיך געפונען דער ה אָ ר ־ ל אָ ז ע ר. הינטער איהם האָבען זיך געפונען זיין פאָטער און זיין זוהן, דער אַלטער מ אַ ר ך ־ ב י י ן און ל אַ נ ג ־ ל י פּ. פון דער אַנדערער זייט לעבען מיר האָבען זיך געפונען מיין שוועס־טער און ל אַ נ ג ־ אַ ו י ע ר.

עס איז נישט געווען קיין שום וואָרנונג. דער ה אָ ר ל אָ־ז ע ר און מיין שוועסטער זיינען פלוצלינג אויפגעשפּרונגען און האָבען גענומען שרייען. אין דעמזעלביגען מאָמענט האָב איך דער־הערט דעם דומפּען קלאַנג פון די פיילען, וואָס זיינען אין זיי אריינ־געשאָסען געוואָרען. אין אַ ווייל ארום זיינען זיי שוין געלעגען אויף דער ערד, קייכענדיג און צאַפּלענדיג זיך, און מיר אַלע האָבען אין טויט־שרעק זיך געלאָזט לויפען ארויף אויף די בוימער. אַ פייל איז פאַרבייגעפלויגען פאַרביי מיר און האָט זיך איינגעגראָבען אין דער ערד; איהר פעדערדיגער שפּיץ האָט וויברירט און געציטערט פון דעם שטויס, וואָס זי האָט באַקומען פון איהר שנעלען אָפּשטע־לען זיך. איך געדענק גאַנץ קלאָר, ווי איך האָב לויפענדיג אָפּ־געווייכט פון דער פייל און בין אוועק פון איהר שוין אביסעל צו־ווייט. איך האָב נעמוזט אָפּשפּרינגען פון איהר, ווי אַ פערד שפּרינגט אָפּ פון אַ זאַך, פאַר וועלכער עס שרעקט זיך.

ל אַ נ ג ־ אַ ו י ע ר, וועלכער איז געלאָפען גלייך מיט מיר, איז פלוצלינג אומגעפאַלען. אַ פייל האָט איהם געטראָפען אין בויך אריין און איהם אַנידערגעוואָרפען. ער האָט געפּרואווט ווייטער לויפען, ער איז אָבער ווידער אַמאָל געפאַלען. ער האָט זיך אויפ־געזעצט, האָט זיך איינגעקאָרטשעט און האָט, ציטערענדיג פון שרעק, מיט אַ בעטענדיגען טאָן גערופען צו מיר. איך האָב זיך שנעל אומגעקערט צו איהם. ער האָט מיר געוויזען די פייל. איך

האב זי אנגענומען און געוואלט ארויסשלעפען, אבער דער וועה־טאג, וואס ער האט גלייך דערפיהלט, האט איהם געצוואונגען אנ־צוכאפען מיך פאר דער האנט און אפצושטעלען מיך. א פ י י ל איז דורכגעפלויגען צווישען אונז. אן אנדער פייל האט זיך אפגעשלא־גען אן א שטיין, איז צעשפליטערט געווארען און אראפגעפאלען אויף דער ערד. דאס איז שוין געווען צופיעל. איך האב פלוצ־לינג מיט אלע מיינע כחות א ציה געטון די פייל. ל א נ ג ־ א ו י ע ר האט ארויסגעלאזט א שארפען געשריי, בעת איך האב זי ארויסגעשלעפט, און האט מיך מיט כעס א קלאפ געטון. אבער אין א ווייל ארום זיינען מיר שוין ווידער געלאפען מיט פולער קראפט.

איך האב זיך אומגעקוקט. ווייט הינטער אונז איז דער אלטער מ א ר ד ־ ב י י ן איינער אליין שטיל געלאפען פון טויט; ער האט זיך געוואקעלט פון שווערער אנשטרענגונג און איז צייטענ־ווייז כמעט געפאלען פון די פיס; איינמאל איז ער טאקע אומגע־פאלען, אבער קיין נייע פיילען זיינען שוין מעהר נישט אנגעקומען. ער האט זיך קוים אויפגעשטעלט אויף די פיס. די עלטער איז מיט שווערער לאסט געפאלען אויף איהם, אבער ער האט קיין חשק נישט געהאט צו שטארבען. די דריי פ י י ע ר ־ מ ע נ ש ע ן, וועלכע זיינען איצט געלאפען צו אונז פון זייער לויערונגס־ארט אין וואלד, האבען איהם לייכט געקאנט כאפען, אבער זיי האבען דאס גאר־נישט פארזוכט צו טון. אפשר איז ער געווען צו אלט און הארט. דערפאר אבער האבען זיי געוואלט האבען דעם ה א ר ל א ז ע ן און מיין שוועסטער, ווייל בעת איך האב פון די בוימער געקוקט צוריק, האב איך געקאנט זעהן, ווי די פ י י ע ר ־ מ ע נ ש ע ן האבען מיט שטיינער געקלאפט זיי איבער די קעפ. איינער פון די פ י י ע ר ־ מ ע נ ש ע ן איז געווען דער אלטער דארער יעגער, וועלכער האט געהונקען אויף א פוס.

מיר זיינען דורך די בוימער אוועק צו די הייליען — אן אויפ־געדעגטער און אויפגערודערטער המון. וואס האט מיט זיין ג טומעל

פארטריבען פון זיך אין די לעבער אריין אלע קליינע בריאה׳לעך פון וואלד און געצוואונגען די סאיקעס אויפצוהויבען א חוצפה׳־דיגען געשריי. אזוי ווי די געפאר איז פאראיבער, האט ל א נ ג־ל י פ איצט געווארט אויף זיין זיידען, דעם אלטען מ א ר ד־ב י י ן; און מיט דעם חלל פון א דור צווישען זיי האט דער אלטער מיט׳ן יונגען זיך געשלעפט הינטער אונז.

און אזוי ארום איז ל א נ ג־א ו י ע ר צוריק געווארען א בחור. אין יענער נאכט בין איך געשלאפען מיט איהם אין דער אלטער הייל און אונזער אלט צוזאמענלעבען האט זיך ווידער אנ־געהויבען. דער פארלוסט פון זיין פרוי האט איהם, ווייזט אויס, נישט פארשאפט קיין שום שמארץ. ער האט יעדענפאלס נישט ארויסגעוויזען קיין שום סימן פון שמארץ אדער פון בענקשאפט נאך איהר. אט די וואונד, וואס ער האט באקומען אין פוס, האט איהם יא געפלאגט און עס האט גענומען א וואך צייט ביז עס האט זיך צו איהם אומגעקערט זיין אמאליגע לעבעדיגקייט.

מ א ר ד־ב י י ן איז געווען דער איינציגער אלטער מיט־גליד פון דער הארדע. צייטענווייז, ווען איך קוק צוריק צו יענער צייט און ווען זיין אנבליק ערשיינט פאר מיר צום קלארסטען, באמערק איך א מערקווירדיגע עהנליכקייט צווישען איהם און דעם פאטער פון מיין פאטער׳ס גערטנער. דעם גערטנער׳ס פאטער איז געווען א זעהר איינגעדארטער און איינגעשרומפענער זקן; און ווען ער האט אזוי געקוקט מיט זיינע קליינטשיקע טרערענדיגע אויגען און געקייט מיט זיינע יאסלעס אהן ציינער, האט ער אויסגעזעהען פונקט, ווי מ א ר ד־ב י י ן. די דאזיגע עהנליכקייט פלעגט מיך קינדווייז שרעקען. איך בין אלע מאל אוועקגעלאפען, ווען איך האב דערזעהען דעם אלטען, שלעפענדיג זיך אויף זיינע צוויי שטעק־קענס. דער אלטער מ א ר ד־ב י י ן האט אפילו געהאט עפעס א שיטער און פאנאנדערגעווארפען וויים בערדעל, וואס האט אויס־געזעהען, ווי די באקענבארדען פון דעם אלטען מאן.

ווי איך האב געזאגט, איז מ א ר ד ־ ב י י ן געוועז דער איינציגער אלטער מיטגליד פון דער הארדע. ער איז געוועז אן אויסנאם. אונזערע מענשען האבען קיינמאל נישט דערלעבט די עלטער. מיטעל־יעהריגע מענשען האבען זיך אויך גאנץ זעלטען גע־טראפען צווישען אונז. טויט דורך גוואלד איז געוועז דער געוועהנלי־כער טויט. זיי זיינען געשטארבען, ווי מיין פאטער איז געשטארבען, ווי ק ר ו ם ־ צ א ה ן איז געשטארבען, ווי מיין שוועסטער און דער ה א ר ל א ז ע ר זיינען נאר וואס געשטארבען—אומגעריכט און ברוטאל, אין זייער פולער קראפט און אין דער סאמע מיט פון זייער לעבענסוועג. נאטירליכער טויט? צו שטארבען דורך גוואלד איז אין יענער צייט געוועזן דער נאטירליכער שטייגער פון שטאר־בען.

קיינער פון דער הארדע איז נישט געשטארבען פון אלטקייט. מיר איז אזא פאל נישט באוואוסט. אפילו מ א ר ד ־ ב י י ן איז נישט געשטארבען מיט אזא טויט, און ער איז אין מיין דור געוועזן דער איינציגער, וואס האט געהאט א שאנס אזוי צו שטאר־בען. א שלעכטע פארקריפלונג, וועלכע נישט איז צופעליגע אדער צייטווייליגע אפשוואכונג פון די כחות האט געמיינט א שנעלען טויט. בכלל פלעגט קיינער נישט צוזעהן די דאזיגע טויטענפאלען. מיטגלידער פון דער הארדע פלעגען פשוט פארשווינדען פון אויג. זיי פלעגען פארלאזען די היילען אין פריהמארגען און מעהר קיינ־מאל נישט צוריקקערען זיך. זיי זיינען פארשוואונדען געווארען אין די נישט־נעזעטיגטע מאגענס פון די רויב־חיות.

דער דאזיגער איבערפאל פון די פ י י ע ר ־ מ ע נ ש ע ן אויף דעם מערען־לאנד איז געוועזן דער אנהויב פון דעם סוף, כאטש מיר האבען וועגען דעם נישט געוואוסט. מיט דער צייט האבען די יעגער פון דעם פ י י ע ר ־ פ א ל ק זיך אנגעהויבען באוויי־זען אליין אפטער. זיי פלעגען קומען צו צוויי און צו דריי, קריי־כענדיג שטיל דורכ׳ן וואלד; מיט זייערע פליהענדיגע פיילען זיי־

נען זיי געוועז אימשטאַנד צו מאַכען צונישט די דיסטאַנץ און אַרונ־טערצובריינגען זייער רויב פון דעם שפּיץ פון דעם העכסטען בוים, נישט דאַרפענדיג אַליין אַרויפקלעטערען אהין. דער פייל־ענבוי־נען איז געווען אַ מין נוואַלדיגע פאַרשטאַרקונג פון דער קראַפט פון זייערע שפּרינג־ און גרייף־מוסקולען און זיי האָבען געקאַנט שפּרינגען און טויטען אויף אַ שטח פון אַ הונדערט פוס און מעהר. דאָס האָט זיי געמאַכט פיעל שרעקליכער פון ש ו ו ע ר ד־צ אַ ה ן גופא. אחוץ דעם זיינען זיי נאָך געווען זעהר קלוג. זיי האָבען פאַרמאָגט לשון. וואָס האָט זיי געגעבען אַ מעגליכקייט בע־סער צו דענקען, און דערצו נאָך האָבען זיי פאַרשטאַנען, ווי צו האַנדלען קאָאָפּעראַטיוו.

מיר זיינען אַלע געווען זעהר פאָרזיכטיג, ווען מיר האָבען זיך געפונען אין וואַלד. מיר זיינען דאָרט געווען פלינקער, וואַכ־זאַמער און שרעקעדיגער. די בוימער זיינען שוין מעהר נישט געווען קיין שוץ, אויף וועלכער מען האָט געקאָנט זיך פאַרלאָזען. מיר האָבען מעהר נישט געקאָנט זיך פאַרקלייבען אין דער הויך אויף אַ בוים און אַראָפּלאַכען צו אונזערע פלייש־פרעסענדיגע שונאים. וועלכע זיינען געשטאַנען אונטען. די פ י י ע ר ־ מ ע נ ־ ש ע ן זיינען געווען פלייש־פרעסענדיגע בריאות מיט קרעלען און פאַנג־צייהן אַ הונדערט פוס לאַנג. די שרעקליכסטע פון אַלע רויב־חיות, וועלכע האָבען זיך אַרומגעיאָגט איבער דער פרימיטיווער וועלט.

איינמאָל אין אַ פריהמאָרגען, איידער נאָך די האָרדע האָט זיך צעשפּרייט איבער'ן וואַלד, האָט אַ פּאַניק אַרומגעכאַפּט די וואַ־סער־טרעגער און די, וועלכע זיינען געגאַנגען אַראָפּ צום טייך טרינ־קען וואַסער. די גאַנצע האָרדע האָט זיך אַ לאָז געטון לויפען צו די היילען. אין אַזעלכע פאַלען האָבען מיר געהאַט אַ געוואוינהייט פריהער צו לויפען און דערנאָך ערשט אויסצופאָרשען. מיר האָבען געוואַרט אין די עפענונגען פון אונזערע היילען צו זעהן, וואָס עס

ווען דא פארקומען. אין א צייט ארום איז איינער א פ י י ע ר־מ ע נ ש פארזיכטיג ארויסגעטראטען אויף דעם אפענעם פלאץ. דאס איז געווען דער קליינער אויסגעדארטער אלטער יעגער. ער איז א לאנגע צייט געשטאנען און האט אונז באטראכט, קוקענדיג ארויף צו אונזערע היילען און אויף דער וואנט פון בארג. ער האט מיט איינעם פון די שטעקלעך זיך אראפגעלאזט צו א טרוקן־פלאץ, צוריקקערענדיג זיך אין עטליכע מינוט ארום מיט אן אנדער שטעקעל. נאך דעם איז ער ווידער געשטאנען און האט א לאנגע צייט אונז אויפמערקזאם באטראכט. ער האט זיך אויסגעדרעהט און אוועקגעהונקען אין וואלד אריין, בעת מיר האבען פון אונזערע הייל־עפענונגען גערופען איינע צו די אנדערע מיט קלאגענדיגע שטימען.

## זעכצעהנטער קאַפּיטעל

איך האָב זי געפונען אין דער אַלטער געגענד לעבען דעם יאַגדעס־זומפּ, וואו מיין מוטער האָט געוואוינט און וואו איך און ל אַ נ ג ־ א ו י ע ר האָבען אויפגעבויט אונזער ערשטע נעסט אויף אַ בוים. דאָס איז פאַרגעקומען אומגעריכט. ווען איך בין צוגעקומען צום בוים, האָב איך דערהערט די באַקענטע ווייכע קלאַנ־גען און האָב אַרויפגעקוקט. זי, די ג ר י נ ג ־ פ י ס י ג ע, איז טאַקע דאָרט געווען; זי איז געזעסען אויף אַ צווייג, האָט געשאַ־קעלט מיט די פיס און אַראָפּגעקוקט צו מיר.

איך בין אַ געוויסע צייט געשטאַנען שטיל. איך בין געווען זעהר גליקליך צו זעהן זי. אָבער באַלד האָט אַ געפיהל פון אומ־רוה און פיין פאַרפלייצט דאָס דאָזיגע גליק. איך האָב אָנגעהויבען אַרויפקלעטערען צו איהר אויפ'ן בוים און זי האָט גענומען לאַנגזאַם צוריקצוציהען זיך פון דעם צווייג. ווי נאָר איך בין צו צו איהר, האָט זי געגעבען אַ שפּרונג אין דער לופטען און איז אַרויף אויף די צווייגען פון דעם צווייטען בוים. זי האָט אַרויסגעקוקט צו מיר פון צווישען די שאַרבענדיגע בלעטער, אַרויסלאָזענדיג ווייכע קלאַנגען. איך בין גלייך אַריבערגעשפּרונגען צו איהר. נאָך אַ שטאַרקען נעיעג האָט זיך די דיסטאַנץ צווישען אונז פאַרטאָ־פּעלט, ווייל זי האָט שוין אַרויסגעקוקט צו מיר דורך די בלעטער פון אַ דריטען בוים און געלאָזט פון דאָרטען הערען איהרע ווייכע קלאַנגען.

איך האָב אָנגעהויבען באַגרייפען, אַז איצט איז דאָס עפּעס אַנדערש, ווי אַמאָל, איידער איך און ל אַ נ ג ־ א ו י ע ר האָבען

זיך אוועקגעלאזט אויף אונזער אוואנטוריסטישער רייזע. איך האב זי געוואלט האבען, און איך האב געוואוסט, אז איך האב זי געוואלט האבען. און זי האט דאס אויך געוואוסט. און אט דערפאר האט זי מיך נישט געלאזט צוקומען צו זיך נאהענט. איך האב פארגעסען, אז זי איז נאר געוועזען די נ ר י נ נ ־ פ י ס י נ ע און אז אין דער קונסט פון קלעטערען איז זי אמאל געוועזען מיין לערערין. איך האב זי פארפאלגט פון בוים צו בוים און זי האט זיך פון מיר אלץ ארויסגעדרעהט און שטעהענדיג פונקט אויף אזוי פיעל ווייט פון מיר, אז איך זאל זי נישט קאנען גרייכען, האט זי געקוקט אויף מיר מיט ליבליכע אויגען, האט ארויסגעלאזט ווייכע קלאנגען, האט געטאנצט, געטרייסעלט דעם בוים און איז געשפרונגען אנט־קעגען מיר. אבער וואס מעהר זי האט זיך פון מיר ארויסגעדרעהט, אלץ מעהר האב איך זי געוואלט כאפען, און די ברייט־אויסגעשפריי־טע נאכמיטאג־שאטענס האבען עדות געזאגט וועגען דער אומזיס־טיגקייט פון מיין גאנצער מיה.

יאגענדיג זיך נאך איהר, אדער אפרוהענדיג זיך פון־צייט־צו־צייט אויף א דערבייאיגען בוים, האב איך באמערקט די ענדערונג, וואס איז אין איהר פארגעקומען. זי איז איצט געוועזען גרעסער, שווע־רער, דערוואקסענער. איהרע ליניעס זיינען געוועזען רונדער, איהרע מוסקולען פולער און עס איז געוועזען אין איהר עטוואס אזוינס פון דער רייפקייט, וואס איז געוועזען ניי און האט מיך אנגעטריבען צו איהר.

עס זיינען פאראיבער דריי יאר, זינט זי איז געוועזען אוועק פון מיר — צום ווינציגסטען דריי יאר, און די ענדערונג, וואס איז פאר דער צייט פארגעקומען אין איהר, איז געוועזען א גאנץ־דייט־ליכע. איך זאג, דריי יאר; דאס איז אויף אזוי פיעל ריכטיג, אויף וויפיעל איך קאן נאר מעסטען די צייט. עס קאן זיין, אז עס איז פאראיבער נאך א פערט יאר. וואס איך האב צוזאמענגעמישט מיט די געשעהענישען פון די אנדערע דריי יאר. וואס מעהר איך טראכט

וועגען דעם, אלץ זיכערער ווער איך, אז עס האבען געמוזט פאר־איבער גאנצע פיער יאר, זינט זי איז אוועק פון מיר.

וואוהין און נאך וואס זי איז געוועזן אוועק און וואס עס איז מיט איהר געשעהען אין פארלויף פון דער דאזיגער צייט, ווייס איך נישט. זי האט עס מיר בשום אופן נישט געקאנט דערצעה־לען, פונקט ווי איך און ל א נ ג ־ א ו י ע ר האבען נישט גע־קאנט דערצעהלען דער הארדע, וואס מיר האבען געזעהען אויף אונ־זער רייזע. עס איז מעגליך, אז זי האט, ווי מיר, אוועקגעלאזט זיך איינע אליין אויף אן אוואנטוריסטישער רייזע. פון דער אנדערער זייט קאן אויך זיין, אז ר ו י ט ־ א ו י ג איז דאס גע־ווען די אורזאך פון איהר אוועקגעהן. עס איז א זיכערע זאך, אז ער האט פון צייט־צו־צייט, וואנדערענדיג איבער די וועלדער, גע־מוזט זיך אנשטויסען אויף איהר; און אויב ער האט זי נאר פאר־פאלגט, איז נאר קיין גראגע נישט, אז דאס איז שוין געווען גאנץ גענוג צו פארטרייבען זי פון דארטען. פון די שפעטערדיגע גע־שעהענישען בין איך גענייגט געווען צו גלויבען, אז זי האט געמוזט ארומוואנדערען ווייט אוועק צו דרום, אריבער א קייט פון בערג און נאך ווייטער צו די ברעגען פון א פרעמדען טייך, ווייט אוועק פון איהר איינענעם מין. פיעל ב ו י ם ־ מ ע נ ש ע ן האבען דארט געוואוינט און איך רעכען, אז דאס האבען זיי ענדליך געמוזט זי טרייבען צוריק צו דער הארדע און צו מיר. מיינע מאטיווען פון דער דאזיגער השערה וועל איך דערקלערען שפעטער.

די שאטענס זיינען געווארען לענגער. איך האב זיך געיאגט נאך איהר נאך מיט מעהר היץ, ווי פריהער, און האט זי אלץ נישט געקאנט כאפען. זי האט געכאפט דעם אנשטעג. ווי זי וואלט זיך געוואלדיג אנגעשטרענגט נישט צו לאזען זיך כאפען, און זי האט די גאנצע צייט אויסגעוויהרט צו האלטען זיך נאר אויף א קורצער שטרעקע פון מיר. איך האב פארגעסען אן אלץ — אן דער צייט, אן דער צופאלענדיגער נאכט און אן מיינע פלייש־פרעסענדיגע שונאים. איך בין געווען וואנזיניג פון ליבע צו איהר און אויך פון

כעס, וואס זי האט מיך נישט צוגעלאזט צו זיך. עס איז מאדנע, ווי אזוי אט דער כעס האט אויסגעזעהען צו זיין א טייל פון מיין באַגער צו איהר.

איך האב, ווי געזאגט, פארגעסען אן אלץ. לויפענדיג איבער אן אפענעם פלאץ, בין איך מיטאמאל אריין מיטביידע פיס צווישען א קאלאניע שלאנגען. זיי האבען מיך נישט איבערגעשראקען. איך בין געווען וואנזיניג. זיי האבען זיך א לאז געטון צו מיר, אבער איך האב זיך געגעבען א דרעה, א שפרונג אפ און בין געלאפען ווייטער. איך האב זיך אנגעשטויסען אויף א רייזענשלאנג, וואס וואלט אין א געוועהנליכער צייט ארויפגעיאגט מיך מיט א קוויטשעריי אויפ'ן שפיץ פון א בוים. זי האט מיך טאקע איצט אויך ארויפגעיאגט אויף א בוים, אבער די ג ר י נ ג - פ י ס י ג ע איז פארשוואונדען פון מיר און איך בין צוריק אראפגעשפרונגען אויף דער ערד און בין ווייטער געלאפען. איך האב זיך קוים-קוים ארויסגעראטעוועט פון דער געפאר. עס איז נאך דארט געווען מיין אלטער שונא, די היענא. פון מיין אויפפיהרונג איז זי געווען זיכער, אז עטוואס וועט באלד פאסירען, און האט א שטונדע נאכאנאנד מיך נאכגעפאלגט.

איינמאל האבען מיר אויפגערייצט א מחנה ווילדע חזירים און זיי האבען זיך גענומען יאגען נאך אונז. די ג ר י נ ג - פ י ס י ג ע האט זיך איינגעשטעלט צו טון א ברייטען שפרונג צווישען די ביימער; אבער פאר מיר איז דאס געווען שוין צופיעל. איך האב געמוזט אראפלאזען זיך אויף דער ערד. דארט זיינען געווען די חזירים. איך האב זיך וועגען דעם נישט געקימערט. איך האב זיך אראפגעלאזט אויף דער ערד אויף א שטרעקע פון עטליכע שפאן פון דעם נאהענטסטען חזיר. זיי זיינען מיר פארלאפען דעם וועג פון א זייט און האבען מיך ארויפגעיאגט אויף צוויי באזונדערע ביימער, וועלכע האבען זיך געפונען אייסער מיין וועג. איך האב זיך ווידער אמאל איינגעשטעלט אראפצולאזען זיך אויף דער ערד, בין אפ־

געלאפען א שטיקעל וועג אויף צוריק און זיך פארנומען אויף א ברייטען אפענעם פלאץ, בעת די גאנצע מחנה אויפגערייצטע חזירים האבען מיט א גרונצעריי און א צייהן־קריצעניש זיך גע־יאגט נאך מיר.

ווען איך וואלט זיך אויסגעגליטשט אדער געשטרויכעלט גע־ווארען אויף יענעם אפענעם פלאץ, וואלט איך שוין קיין תקומה נישט געווען האבען. דאס האט מיט מיר גראד נישט פאסירט, כאטש איך האב זיך וועגען דעם גארנישט געקימערט. איך בין געווען אין אזא שטימונג, אז איך וואלט זיך אפילו געקאנט צוזא־מענטרעפען מיט שווערד־צאהן אליין אדער מיט א פאר צעהנדלינג שיסענדיגע פייער־מענשען. אט־אזא איז געווען מיין ליבעס־משוגעת. די גרינג־פיסיגע איז אבער געווען אנדערש. זי איז געווען זעהר פערנינפטיג. זי האט נישט געוואלט ריזיקירען מיט גארנישט און איך געדענק, קוקענדיג איצט צוריק דורך יארהונדערטער אויף דעם דאזיגען ווילדען ליבעס־געיעג, אז זי איז נישט אוועקגעלאפען זעהר שטארק, בעת די חזירים האבען מיך פארהאלטען, נאר זי האט געווארט אויף מיר, כדי ווייטער פארטצוזעצען דאס יאגעניש. זי האט אויך אלעמאל אליין אויסגעקליבען די ריכטונג און איז געלאפען וואוהין זי האט געוואלט.

עס איז, ענדליך, אנגעקומען די פינסטערניש. זי האט מיך געפיהרט ארום דעם מאכינגען ריקען פון א טאל־וואנט, וואס האט ארויסגעשטארצט צווישען די ביימער. דערנאך זיינען מיר אריינ־געדרונגען אין א געדיכטער מאסע בושען, און וועלכע איך האב זיך צעקראצט און צעדראפעט די הויט. אבער זי איז פון דארטען ארויס אומבאריהרט. זי האט געוואוסט דעם וועג. אין דער מיט פון דעם געדיכטען וועלדעל איז געווען א גרויסער דעמב. ווען זי האט אויף איהם ארויפגעקלעטערט, האב איך זיך געפונען זעהר נאהענט פון איהר; און אין די אפצווייגען פון דעם דאזיגען דעמב,

אין דער נעסט, וואו איך האב זי אזוי לאנג און גאנץ אומזיסט געזוכט, האב איך זי געכאפט.

די היענא האט זיך ווידער אמאל געלאזט נאך אונזער שפור; זי איז איצט געזעסען אונטער'ן בוים אויף דער ערד און ארויסגע־לאזט קלאנגען פון הונגער. אבער אונז האט דאס גארנישט געארט און מיר האבען געלאכט פון איהר, ווען זי האט א ברום געטון און איז אוועק צוריק דורכ'ן וועלדעל.

עס איז געווען פריהלינגס־צייט און פיעל פארשיידענארטיגע קלאנגען האבען זיך געהערט אין די נעכט. ווי געוועהנליך אין דער דאזיגער צייט פון יאר, זיינען צווישען די חיות פארגעקומען פיעל געשלעגען. מיר האבען פון אונזער נעסט געקאנט הערען דאס שרייען און הירזשען פון ווילדע פערד, דאס טרומייטערען פון עלפאנטען און דאס ברומען פון לייבען. עס האט זיך אבער בא־וויזען די לבנה, די לופט איז געוועןווארעם, און מיר האבען גע־לאכט און האבען גאר קיין מורא נישט געהאט.

דעם צווייטען פריהמארגען, געדענק איך, האבען מיר זיך אנגעשטויסען אויף צוויי אויער־העגער, וועלכע האבען זיך אזוי ווילד געשלאגען. אז איך בין גלייך צו צו זיי און האב זייביידען א כאפ געטון פאר די העלזער. אויף אזא אופן האב איך און די ג ר י נ ג ־ פ י ס י ג ע באקומען א חתונה־אנבייסען. זיי זיינען געווען מחיה'דיג. אין פריהלינג איז געווען לייכט צו כאפען פייגעל.

איינמאל ביינאכט האבען צוויי הירשען זיך געשלאגען אין שיין פון דער לבנה, בעת איך און די ג ר י נ ג ־ פ י ס י ג ע האבען דאס צוגעקוקט פון די בוימער; און מיר האבען געזעהען, ווי א לייב און א לייבעכע זיינען שטילערהייט צוגעקראכען צו זיי און זיי געטויט אין מיטען געשלעג.

ווער ווייסט, ווי לאנג מיר וואלטען אזוי געקאנט וואוינען אויף דעם בוים פון דער ג ר י נ ג ־ פ י ס י נ ע ר. אבער איינמאל,

בעת מיר זיינען געווען אוועק, איז דער בוים דערשלאגען געווארען פון א דונער. עס זיינען אפגעבראכען געווארען די גרויסע צווייגען און די נעסט איז צעשטערט געווארען. איך האב אנגעהויבען זי איבערבויען, אבער די גרינג־פיסיגע האט מעהר גאר־נישט געוואלט האבען מיט איהר צו טון. ווי איך האב זיך שפעטער דערוואוסט, האט זי שטארק מורא געהאט פאר א דונער. און איך האב זי דעריבער נישט געקאנט באוועגען צו געהן צוריק אויפ׳ן בוים.

און אזוי האט עס געטראפען, אז מיר זיינען, נאכדעם, ווי אונזער האניג־חודש איז פאראיבער, אוועק צוריק צו די היילען. ווי לאנג־אויער האט מיך ארויסגעווארפען פון דער הייל, ווען ער האט חתונה געהאט, אזוי האב איך איהם איצט ארויסגעווארפען; און איך און די גרינג־פיסיגע האבען זיך דארט באזעצט, בעת ער איז געשלאפען ביינאכט אין דעם דורכגאנג פון דער טאפעלטער הייל.

מיט אונזער אנקומען צו לעבען מיט דער הארדע איז געקומען אויף אונז א צרה. רויט־אויג האט פון דער זינגענדיגער אן געהאט שוין אהן א שיעור ווייבער. זי איז אוועק אין דעמזעלביגען וועג, וואס די אנדערע ווייבער זיינע. איצט האט ער געהאט א קליין, ווייך, אומעטיג באשעפעניש, וואס האט די גאנצע צייט געוויינט און געכניקעט, עס מאכט נישט, צי האט ער זי געשלאגען אדער נישט; און איהר פארלאזען די וועלט איז נאר געווען א פראגע פון א זעהר קורצער צייט. אבער איידער נאך זי איז געשטארבען, האט רויט־אויג שוין געווארפען אן אויג אויף דער גרינג־פיסיגער; און ווען זי איז געשטארבען, האט זיך אנגעהויבען דאס פארפאלגען פון דער גרינג־פיסיגער.

וואויל איז צו איהר, וואס זי איז געווען די גרינג־פיסיגע, וואס זי האט פארמאגט די וואונדערבארע פעהיגקייט

צו לויפען געשווינד דורך די בוימער. זי האט געמוזט אנווענדען איהר גאנצע קלוגשאפט און געוואגטקייט, כדי אויסצומיידען די קרעלען פון ר ו י ט ־ א ו י ג. איך האב איהר נישט געקאנט העלפען. ער איז געווען אזא מאכטיגער מאנסטער, אז ער האט מיך געקאנט צערייסען אויף פיץ־פיצלעך. איך האב שוין אזוי אויך ביז'ן טויט אריין ארומגעטראגען זיך מיט א צעשעדיגטען אקסעל, וועלכער האט מיר וועה געטון און איז אין א רעגענדיגען וועטער געלעהמט געווארען, און דאס איז געווען א סימן פון זיין האנט־ארבייט.

די ג ר י נ ג ־ פ י ס י ג ע איז געווען קראנק אין דער צייט, ווען איך האב פון איהם געקראגען דעם דאזיגען צייכען. עס האט געמוזט זיין א לייכטער אנגריף פון מאלאריע, פון וועלכער מיר האבען צייטענווייז געליטען; אבער וואס עס זאל נישט געווען זיין, איז זי דערפון געווארען פארשלאפען און שוועך. זי האט פאר־לארען די געוועהנליכע שפרינג־קראפט פון איהרע מוסקולען און ווען ר ו י ט ־ א ו י ג האט זי צוגעשפארט צו א ווינקעל לעבען דעם לאגער פון די ווילדע הינט, אויף איינינע מייל אין דרום־זייט פון אונזערע היילען, איז פאר איהר אודאי געווען נישט קיין גרינגע זאך אוועקצולויפען. אין א געוועהנליכער צייט וואלט זי זיך געדרעהט ארום איהם, וואלט גלייך אוועק פון איהם און דער־גרייכט די שוץ פון אונזער הייל מיט דער קליינער עפענונג. אבער זי האט נישט געקאנט זיך דרעהען. זי איז געווען צו מיד און לאנגזאם. ער איז איהר יעדעס מאל פארלאפען דעם וועג, ביז וואנען זי האט אויפגעגעבען דעם פארזוך און האט איהר גאנצע ענערגיע אנגעווענדט נאר אויף ארויסדרעהען זיך פון זיינע קרע־לען.

וואלט זי נישט געווען קראנק, וואלט דאס געווען פאר איהר א קינדער־שפיל; אבער איצט האט דאס געפאדערט פון איהר איהר גאנצע פארזיכט און ליסטיגקייט. זי האט געהאט אנטקעגען

איהם א פארצוג דערמיט, וואס זי האט געקאנט זיך האלטען אויף דינערע צווייגען, איידער ער, און מאכען ברייטערע שפרונגען. זי האט נאך דערצו אויך געקאנט גאנץ גענוי אויסרעכענען א דיס־טאנץ און זי האט געהאט אן אינסטינקט צו וויסען די קראפט פון יעדען ריטעל און יעדען צווייג.

דאס איז געווען אן אומענדליך געיעג. זיי האבען זיך געיאגט אויף לאנגע שטרעקען ווייט ארום איבער'ן וואלד. די הארדע איז בשעת מעשה געווען שטארק אויפגערודערט. זיי האבען אויפגעהויבען א ווילדען געפילדער, וואס האט דערגרייכט דעם העכסטען פונקט, ווען ר ו י ט ־ א ו י ג איז געווען ווייט־אוועק, און איז באלד פארשטילט געווארען, ווי נאר ער איז צוגעקומען נאהענט פון זיי. זיי זיינען געווען אוממאכטיגע צוקוקער. די נקבות האבען געקוויטשעט און געפלאפעלט און די זכרים האבען אין הילפ־לאזען צארן געקלאפט זיך אין ברוסט. ג ר ו י ס ־ ג ע ז י כ ט איז געווען אויפגעבראכט מעהר פון אלעמען, און כאטש ער איז שטילער געווארען, ווען ר ו י ט ־ א ו י ג האט זיך דערנעהענ־טערט, אבער נישט אויף אזוי פיעל, ווי אנדערע.

איך, פון מיין זייט, האב דא נישט געשפילט קיין בראווע ראל. איך וויים, אז איך בין דא ווייט נישט געווען קיין העלד. און צו וואס וואלט ווידער געבראכט מיין ארייגלאזען זיך אין קאמף מיט ר ו י ט ־ א ו י ג ? ער איז געווען דער מאכטיגער מאנסטער, די אוימגעהויער־ווילדע בריאה, און עס וואלט פאר מיר גאר קיין האפענונג נישט געווען אין א צוזאמענשטויס פון אונזערעביידענ'ס קרעפטען. ער וואלט מיך געהרג'עט און די לאגע וואלט געבליבען נישט געענדערט. ער וואלט געכאפט די ג ר י נ ג ־ פ י ס י ג ע נאך איידער זי וואלט געקאנט דערגרייכען די הייל. און דעריבער האב איך נאר געקאנט צוקוקען אין הילפלאזען צארן, אפקערען פון דעם וועג און אויפהערען ליארעמען, ווען ער איז צוגעקומען צו נאהענט.

די צייט איז געלאָפען. עס איז שוין געווען נאָכמיטאָג. און דאָס געיעג האָט נאָך אַלץ נישט אויפגעהערט. ר ו י ט ־ א ו י ג האָט זיך פאַרלייגט צו פאַרמאַטערען די ג ר י נ ג ־ פ י ס י ג ע. ער האָט זי בכיוון פאַריאָגט. נאָך אַ לאַנגען יאָגעניש האָט זי אָנגעהויבען ווערען מיד און האָט מעהר נישט געקאָנט לויפען, ווי פריהער, אָהן אַן אָטעם. דעמאָלט האָט זי זיך אוועקגעלאָזט ווייט איבער די דינסטע צווייגען, וואוהין ער האָט נישט געקאָנט פאָלגען נאָך איהר. זי וואָלט אפשר געקאָנט אויף אַזאַ אופן אָפּכאַפּען דעם אָטעם, אָבער ר ו י ט ־ א ו י ג איז געווען בייז, ווי אַ טייוועל. נישט האָבענדיג קיין מעגליכקייט צו פאָלגען נאָך איהר, האָט ער גענומען טרייסלען דעם בוים, כדי זי פון דאָרט צו פאַרטרייבען. ער האָט מיט זיין גאַנצער קראַפט און וואָג געטרייסעלט דעם צווייג היז און צוריק, ביז וואַנען ער האָט זי אַראָפּגעשמיסען, ווי מען שמייסט אַראָפּ אַ פליג פון אַ בייטש. דאָס ערשטע מאָל האָט זי זיך געראַטעוועט דערמיט, וואָס זי איז אַראָפּגעפאַלען אויף נידעריגערע צווייגען. אַן אַנדער מאָל איז זי, אמת, אַראָפּגעפאַלען אויף דער ערד, אָבער די צווייגען האָבען דאָך אָפּגעשוואַכט איהר פאַל. און נאָך אַ מאָל האָט ער זי מיט אַזאַ רציחה אַראָפּגעשמיסען פון דעם צווייג, אַז זי איז אָפּגעוואָרפען געוואָרען אין דער לופטען אויף אַן אַנדער בוים. עס איז געווען צום שטוינען, ווי אַזוי זי האָט זיך דאָס אָנגעכאַפּט און זיך געראַטעוועט. זי האָט געזוכט די צייטווייליגע שוץ פון די דינע צווייגען נאָר דעמאָלט, ווען זי איז דערצו געטריבען געוואָרען. אָבער זי איז געווען אַזוי מיד, אַז זי האָט אַנדערש נישט געקאָנט איהם אויסמיידען און איז געצוואונגען געווען אָנצוכאַפּען זיך פון צייט צו צייט פאַר די דינע צווייגען. דאָס געיעג האָט אַלץ נישט אויפגעהערט און די מענשען פון דער האָרדע האָבען אַלץ געגוואַלדעוועט, זיך געשלאָגען אין ברוסט און געקריצט מיט די צייהן. דערנאָך איז געקומען דער סוף. עס איז כמעט געווען די צייט פון דעמערונג. ציטערענדיג, כאָפּענדיג און קוים כאַפּענדיג דעם אָטעם, האָט די ג ר י נ ג ־

פיסינגע אזוי נעבעכדיג זיך אנגעהאלטען אן א הויכען דינעם צווייג. ביז דער ערד איז געווען א דרייסיג פוס און קיין זאך האט זיך נישט געפונען אין דער מיט. רויט־אויג האט נידער־ריגער זיך געוויגט הין און צוריק. דער צווייג איז געווארען א מין אומרוה, וואס האט זיך געוויגט אלץ ברייטער און ברייטער מיט יעדען טרייסעל פון זיין קערפער. דערנאך האט ער מיטאמאל, איידער דער צווייג האט צייט געהאט ארונטערצובויגען זיך אראפ, זיך א וויג געטון אין דער געגענזייטיגער ריכטונג. איהרע הענט האבען נאכגעלאזט דעם צווייג און זי איז מיט א געשריי ארונטער־געפאלען אויף דער ערד.

אבער זי האט, פליהענדיג אין דער לופטען, זיך אויסגעגלייכט און האט זיך אראפגעלאזט אויף דער ערד מיט די פיס צוערשט. פאלענדיג אן אנדער מאל פון אזא הויך, וואלט די שפרינג־קראפט פון איהרע פיס אפגעשוואכט דעם שטויס. אבער איצט איז זי גע־ווען אהן כחות. זי האט נישט געקאנט אויסנוצען די פלינקקייט פון איהרע פיס. זיי האבען זיך איהר אונטערגעבראכען, אפשוואַ־כענדיג נאר טיילווייז דעם שטויס פון פאל, און זי האט זיך איבער־געקערט אויף א זייט. דאס האט זי גראד נישט געשעדיגט, עס האט איהר אבער דערפון פארכאפט דער אטעם. זי איז געלעגען א הילפלאזע און האט שווער געאטעמט.

רויט־אויג האט זיך א לאז געטון צו איהר און האט זי א כאפ געטון. מיט זיינע קניפעלדיגע פינגער אריינגעפלאכ־טען אין די האר פון איהר קאפ, האט ער זיך אויפגעשטעלט און האט געברומט מיט טריאומף און פאראכטונג צו דער איבער־גע־שראקענער הארדע, וואס האט דאס צוגעזעהען פון די ביימער. דעמאלט בין איך שוין געווארען אויסער זיך. די מיושב׳דיגקייט איז אוועק מיט׳ן ווינט; דער ווילען פון מיין גוף צו לעבען איז פארגעסען געווארען. פונקט דאן, ווען ער האט געברומט, האב איך פון הינטען ארום זיך א ווארף געטון אויף איהם. מיין אנגריף

אויף איהם איז געווען אזוי אומדערוואַרט, אַז איך האָב איהם אומגעוואָרפען פון די פיס. איך האָב איהם ארומגעכאַפּט מיט די הענט און מיט די פיס און האָב זיך אַנגעשטרענגט נישט צו לאָזען איהם זיך אויפהויבען. עס וואָלט פאַר מיר נישט מעגליך געווען דאָס אויסצופיהרען, ווען ער וואָלט נישט געהאַלטען די ג ר י נ ג ־ פ י ס י ג ע מיט איין האַנט פאַר די האָר.

דערמוטיגט פון מיין האַנדלונג, איז ג ר ו י ס ־ ג ע ז י כ ט פּלוצלינג צוגעשטאַנען צו מיר. ער איז צוגעלאָפען צו ר ו י ט ־ א ו י ג, האָט זיך איינגעביסען מיט די צייהן אין זיין אָרעם און האָט איהם געדראַפּעט און געריסען דאָס געזיכט. עס איז געווען דער פּאַסיגער מאָמענט, אַז די איבעריגע פון דער האָרדע זאָלען אויך צושטעהן. עס איז געווען א געלעגענהייט אַפּצורעכענען זיך איינמאָל פאַר אַלע מאָל מיט ר ו י ט ־ א ו י ג. זיי זיינען אָבער פאַרבליבען דערשראָקענע אויף די בוימער.

ר ו י ט ־ א ו י ג האָט אין קאַמף קעגען אונזביידען געמוזט געווינען. די אורזאַך, פאַרוואָס ער האָט נישט גלייך אויפ׳ן אָרט געמאַכט פון אונז א סוף, איז געווען דאָס, וואָס די ג ר י נ ג ־ פ י ס י ג ע האָט איהם געשטערט אין זיינע באַוועגונגען. זי האָט שוין געהאַט אַפּגעכאַפּט דעם אָטעם און האָט אָנגעהויבען ארויסווייזען א ווידערשטאַנד. ער האָט נישט געוואָלט אַפּלאָזען די האַנט פון איהרע האָר, און דאָס האָט איהם געמאַכט שווערער דעם קאַמף מיט אונז. ער האָט מיך א כאַפּ געטון פאַר׳ן אָרעם. דאָס איז געווען פאַר מיר דער אָנהויב פונ׳ם סוף. ער האָט אָנגעהויבען מיך שלעפּען צו זיך, כדי ער זאָל קאָנען זיך איינבייסען מיט די צייהן אין מיין גאָרגעל. ער האָט געהאַלטען אָפען דאָס מויל און געשטשירעט מיט די צייהן. און דאָך, כאָטש ער האָט נאָר וואָס אָנגעהויבען ארויסווייזען זיין קראַפט, האָט ער אין דעם מאָמענט מיך א ציה געטון פאַר׳ן אַקסעל אַזוי, אַז איך האָב שוין דערפון געליטען מיין גאַנץ לעבען.

און דאָ האָט עפּעס פּאַסירט. עס איז פאָרגעקומען גאַנץ אומ־געריכט. א גרויסער קערפּער האָט זיך פּלוצלינג א וואָרף געטון אויף אונז, בעת מיר האָבען אַלע פיער זיך צוזאַמענגעדרענגט. מיר זיינען מיט גוואַלד אַפּגעריסען געוואָרען איינער פון דעם אַנ־דערען, אַפּלאַזענדיג פון איבעראַשונג די הענט, און האָבען זיך געקייקעלט איבער דער ערד. אין דעם מאָמענט פון שטויס האָט גרויס־געזיכט ארויסגעלאָזט א שרעקליכען געשריי. איך האָב נישט געוואוסט, וואָס עס האָט אזוינס געטראָפען, כאָטש איך האָב דערשפּירט דעם טיגער און עס האָט זיך מיר, בעת איך בין געלאָפען ארויף אויף א בוים, א וואָרף געטון אין די אויגען גע־שטרייפטע פעל.

דאָס איז געווען דער אַלטער שווערד־צאָהן. מיט'ן טומעל וואָס מיר האָבען געמאַכט, האָבען מיר איהם אויפגעוועקט אין זיין נאָרע, און ער איז שטילערהייט צוגעקראָכען צו אונז. די גרינג־פיסיגע איז ארויף אויף'ן צווייטען בוים פון מיר און איך בין גלייך צוגעשטאַנען צו איהר. איך האָב זי ארומ־גענומען און שטייף צוגעדריקט צו זיך, און זי האָט שטיל געוויינט און געכניקעט. פון אונטען איז צו אונז דערגאַנגען א ברומעריי און א כראַמשקעריי פון ביינער. דאָס האָט שווערד־צאָהן געמאַכט פאַר זיך אַן אוונטמאָל פון דעם, וואָס עס איז פריהער געווען גרוי־געזיכט. הינטער אונז איז געשטאַנען רויט־אויג און האָט מיט זיינע אָנגעצונדענע אויגען גע־קוקט אראָפּ. ער האָט געזעהען פאַר זיך א מאַנסטער, וואָס איז געווען מאַכטיגער פון איהם. איך און די גרינג־פיסיגע האָבען זיך אומגעקערט און זיינען שטילערהייט אוועק איבער די בוימער צו אונזער הייל, בעת די גאַנצע האָרדע האָט זיך פאַרזאַ־מעלט אין דער הויך און האָט געזידעלט און באַוואָרפען איהר אַלטען שונא מיט אָפּגעבראָכענע צווייגלעך. ער האָט געבייטשט מיט'ן עק און געברומט, אָננעהענדיג זיך אין דערזעלביגער צייט מיט'ן עסען.

אט־אזוי זיינען מיר דאס געראטעוועט געווארען. עס איז געווען נאר א צופאל, טאקע מעהר נישט, ווי א צופאל. ווען נישט דאס, וואלט איך געווען שטארבען אין ר ו י ט ־ א ו י ג ׳ ס קלא־מער און עס וואלט זיך נישט געווען אוועקציהען א ליניע פון א הונדערט טויזענט יאר, וואס האט געפיהרט צו דורות, וועלכע לייענען צייטונגען, פאהרען אין עלעקטרישע טראמוואיען און — שרייבען דערצעהלונגען וועגען פארגאנגענע פאסירונגען, ווי אט־די דערצעהלונג איז געשריבען.

## זיבעציעהנטער קאפיטעל

דאס האט געטראפען אין אנהויב הערבסט פון דעם פאלגענ־דיגען יאר. נאכדעם, ווי ר ו י ט ־ א ו י ג איז דורכגעפאלען מיט דער ג ר י נ ג ־ פ י ס י נ ג ע ר, האט ער גענומען פאר זיך אן אנדער ווייב. און — זונדערבאר! — זי האט נאך אלץ געלעבט. אבער נאך זונדערבארער איז דאס, וואס זיי האבען געהאט א קינד פון עטליכע חדשים — ר ו י ט ־ א ו י ג ׳ ס ערשטלינג. זיינע פריהערדיגע ווייבער האבען קיינמאל נישט געלעבט גענוג צו גע־בערען איהם קינדער. דאס פארגאנגענע יאר איז געווען זעהר א גוטס פאר אונז אלעמען. דער וועטער איז געווען אויסערגעוועהנ־ליך מילד און שפייז האבען מיר געהאט בשפע. איך געדענק באַ־זונדערס די ריבען פון יענעם יאר. די ניס זיינען אויך זעהר שטארק געראטען און די ווילדע פלוימען זיינען געווען גרעסער און זיסער, ווי געוועהנליך.

קורץ, עס איז געווע אן גאלדען יאר. און דעמאלט איז עס געשעהען. עס איז געווען גאנץ פריה און מיר אלע האבען זיך נאך געפונען אין די היילען, ווען דאס האט אומגעריכט מיט אונז גע־טראפען. אין קאלטען גרוי פון באגינען האבען די מעהרסטע פון אונז זיך אויפגעכאפט פון שלאף צו באגעגענען דעם טויט. איך און די ג ר י נ ג ־ פ י ס י נ ג ע האבען זיך אויפגעכאפט פון א גוואלדיגען טומעל. אונזער הייל איז געווען די העכסטע פון אלע אויפ׳ן בארג; מיר זיינען צוגעקראכען צו דער עפענונג און האַ־בען ארונטערגעקוקט. דער אפענער פלאץ איז געווען פול מיט

פ י י ע ר ־ מ ע נ ש ע ן. צום טומעל פון דער הארדע זיינען נאך צוגעקומען זייערע געשרייען און גוואלדען; אבער ביי זיי איז געווען ארדענונג און פלאנמעסיגקייט, בעת מיר האבען דאס נישט געהאט. יעדער איינער פון אונז האט געקעמפט און געהאנדעלט פאר זיך אליין, און קיינער פון אונז האט נישט געוואוסט, ווי גרויס עס איז געווען דאס אומגליק, וואס האט מיט אונז איצט געטראפען.

איידער מיר האבען אנגעהויבען אראפשליידערען אויף די פ י י ע ר ־ מ ע נ ש ע ן שטיינער, האבען זיי זיך פארזאמעלט אין א געדיכטער מאסע צופוסענס פון בארג. אונזער ער־שטער שאס האט געמוזט צעפלעטען עטליכע קעפ, ווייל ווען זיי האבען צוריקגעטראטען פון בארג, זיינען דריי פון זיי געבלי־בען ליגען אויף דער ערד. די געפאלענע האבען נאך געווארפען זיך און געצאפעלט, און איינער האט געפרואווט אוועקקריכען וויי־טער. אבער מיר האבען זיי שיין צורעכט געמאכט. מיר, די זכרים פון דער הארדע, האבען געברומט פון צארן און ארונטער־געשליידערט שטיינער אויף די דריי פ י י ע ר ־ מ ע נ ש ע ן. איינגע פון די פ י י ע ר ־ מ ע נ ש ע ן האבען זיך צוריק־געקערט, כדי אוועקצושלעפען זיי אין א זיכערען ארט, אבער אונ־זערע שטיינער האבען זיי צוריקגעטריבען.

די פ י י ע ר ־ מ ע נ ש ע ן זיינען אריין אין רציחה. זיי זיינען אויך געווארען פארזיכטיגער. נישט קוקענדיג אויף זייערע צארנדיגע געשרייען, האבען זיי זיך געהאלטען פון דערווייטענס און האבען געשאסען אויף אונז פון די בויגענס. דאס האט גע־מאכט א סוף צו דעם ווארפען פון שטיינער. ווען א פינף־זעקס מענשען צווישען אונז זיינען געפאלען טויט און א פאר צעהנדליגג זיינען פארוואונדעט געווארען, האבען די איבעריגע פון אונז זיך באהאלטען אין די הייל,ען. כאטש די פיילען האבען מיך געקאנט גרייכען אין מיין הויכער הייל, איז אבער די דיסטאנץ געווען גע־

נוג גרויס צו מאכען שווער דאס טרעפען אין ציל, און די פ י י ע ר־מ ע נ ש ע ן האבען קיין סך פיילען אויף מיר נישט פארשווענדט. איך בין געווען נייגעריג. איך האב געוואלט זעהן. בעת די ג ר י נ ג ־ פ י ס י ג ע איז געבליבען אינעווייניג אין דער הייל, ציטערענדיג פון שרעק און ארויסלאזענדיג שטילע קלאגענדיגע קלאנגען איבער דעם, וואס איך האב נישט געוואלט אריינקומען, האב איך זיך איינגעקארטשעט ביים אריינגאנג און האב צוגע־קוקט.

דער קאמף צווישען אונז איז איצט אונטערגעבראכען געווא־רען. עס איז געווען א מין שטילשטאנד. מיר זיינען געווען אין די היילען, און די פ י י ע ר ־ מ ע נ ש ע ן האבען געזוכט אונז ארויסצוקריגען פון דארטען. זיי האבען נישט געוואגט צו קומען אין די היילען נאך אונז, און מיר האבען נישט געוואלט ארויס־שטעלען זיך אנטקעגען זייערע פיילען. ווען איינער פון זיי איז צופעליג צוגעקומען נאהענט צום בארג, האט שוין עמיצער פון דער הארדע אראפגעשליידערט אויף איהם א שטיין. דערפאר אבער האבען די פ י י ע ר ־ מ ע נ ש ע ן אריינגעשאסען אין יענעם א פינף־זעקס פיילען. דער דאזיגער מאנעוור האט א געוויסע צייט געהאט א פעולה, אבער צום סוף האט קיינער פון דער הארדע זיך מעהר נישט געלאזט פארפיהרען און איז מעהר נישט ארוים פון דער הייל. דער שטילשטאנד איז געווען א פולקאמער.

איך האב געקאנט זעהן דעם אלטען אויסגעדארטען יעגער, וועלכער איז געשטאנען הינטער די פ י י ע ר ־ מ ע נ ש ע ן און האט אנגעפיהרט דעם קאמף. זיי האבען איהם געפאלגט און זיי־נען געגאנגען, וואוהין ער האט זיי געהייסען. איניגע פון זיי זיינען אוועק אין וואלד און האבען זיך פון דארט צוריקגעקערט מיט טרוקענעם האלץ, בלעטער און גראז. די פ י י ע ר ־מ ע נ ש ע ן זיינען זיך אלע צוזאמענגעקומען. בעת די מעהר־סטע פון זיי זיינען געשטאנען מיט די פיילענבויגענס גרייט צו

שיסען אין יעדען איינעם פון דער הארדע, וואס וועט זיך נאר באווייזען, האבען איינינע פ י י ע ר ־ מ ע נ ש ע ן צוזאמענגע־לעגט דאס טרוקענע גראז און האלץ אין הויפענס ביי די עפענונגען פון דער נידעריגער רייה היילען. פון די דאזיגע הויפענס האבען זיי באשוואוירען דעם מאנסטער, פאר וועלכען מיר האבען זיך נעשראקען — פ י י ע ר.

אין אנהויב האבען זיך אויפגעהויבען קנוילען רויך און זיך גע־קרייזעלט ארויף צום בארג. דערנאך האב איך געקאנט זעהן, ווי די רויט־צונגיגע פלאמען האבען, ווי קליינטשיקע שלענגלעך, זיך דורכגעריסען דורכ'ן האלץ. דער רויך איז געווארען אלץ געדיכ־טער און געדיכטער, פארהילענדיג פון צייט־צו־צייט דעם גאנצען בארג. אבער איך האב זיך געפונען אין דער הויך און עס האט מיר פיעל נישט געשטערט. כאטש עס האט מיר געביסען די אויגען און איך האב זיי געריבען מיט די פינגער.

דער אלטער מ א ר ך ־ ב י י ן איז אויסגערויכערט געווארען דער ערשטער. א לייכט ווינטעל האט פאנאנדערגעטריבען דעם רויך אזוי, אז איך האב געקאנט זעהן גאנץ קלאר. ער האט דורכ־געריסען דעם רויך, ארויסטרעטענדיג דערביי אויף א ברענעדיגער קויל און ארויסלאזענדיג א געשריי פון אומגעריכטען וועהטאג. און האט געפרואווט ארויפקלעטערען אויפ'ן בארג. די פיילען זיי־נען געפלויגען ארום איהם. ער האט זיך אפגעשטעלט אויף אן אפ־שטאנד פון בארג, האט זיך אנגעכאפט מיט די הענט אן א פעלזען־סענק און האט די גאנצע צייט געקייכט, גענאסען און געשאקעלט מיט'ן קאפ. ער האט זיך געוויגט הין און צוריק. די פעדערדיגע עקען פון א טוץ פיילען האבען ארויסגעשטעקט פון איהם. ער איז געווען אן אלטער מאן און האט נישט געוואלט שטארבען. ער האט זיך געוויגט אלץ שטארקער און שטארקער, זיינע קני האבען זיך אונטערגעבויגען און ער האט בעת מעשה געקלאגט יאמערליך. ער האט אפגעלאזט די הענט, האט זיך אפגעריסען פון דעם ארט

און איז ארונטערגעפאלען פון בארג. זיינע אלטע ביינער האבען געמוזט א היבש ביסעל צעבראכען ווערען. ער האט געקרעכצט און אנגעשטרענגט זיינע שוואכע כחות אויפצוהויבען זיך פון ארט, אבער א פייער־מענש האט זיך שנעל א לאז געטון צו איהם און האט איהם מיט א בולעווע צעשפאלטען דעם קאפ.

דאס זעלבינע האט אויך געטראפען מיט פיעל אנדערע מענשען פון דער הארדע. נישט קאנענדיג פארטראגען דאס שטיקעניש פון רויך, זיינען זיי ארוים פון די היילען צו פאלען אונטער די פיילען. אייניגע פון די פרויען און קינדער זיינען פארבליבען אין די היילען דערשטיקט צו ווערען צום טויט, אבער די מעהרסטע פון זיי האבען באגעגענט דעם טויט אין דרויסען.

ווען די פייער־מענשען האבען אויף אזא אופן אפגערייניגט די ערשטע רייה היילען, האבען זיי גענומען זיך גרייטען צו ווידערהוילען דאסזעלביגע אויף דער צווייטער רייה. און בעת זיי האבען געקלעטערט ארויף, טראגענדיג גראז און האלץ, איז רויט־אויג מיט זיין ווייב, וועלכע האט צוגעדריקט דאס קינד צו זיך, געלונגען ארויפצולויפען ארויף אויפ'ן בארג. די פייער־מענשען האבען געמוזט רעכענען, אז ביז וואנען זיי וועלען מאכען אלץ פארטיג אונז אויסצורויכערען, וועלען מיר דערוייל פארבלייבען אין אונזערע היילען; אויף אזא אופן זיינען זיי נישט געווען צוגעגרייט און זייערע פיילען האבען אנגעהויבען פליהען ערשט דאן, ווען רויט־אויג און זיין פרוי זיינען שוין געווען גאנץ הויך אויף דער וואנט פון בארג. ווען ער האט דערגרייכט דעם סאמע שפיץ, האט ער זיך אומגעקערט און האט ארונטערגעקוקט צו זיי, ברומענדיג און שלאגענדיג זיך מיט די הענט אין ברוסט. זיי האבען אנגעצוינגען אויף איהם זייערע פיילענבויגענס און כאטש זיי האבען איהם נישט געקאנט גרייכען, איז ער פונדעסטוועגען געלאפען ווייטער.

איך האב צוגעזעהען, ווי מען האט אויסגערויכערט א דריטע

רייה הייליען, און דערנאך א פערטע. איינינגע פון דער הארדע זיינען אנטלאפען אויפ'ן בארג, אבער די מעהרסטע פון זיי זיינען ארונטערגעשאסען געווארען בעת'ן קלעטערען. איך געדענק ל א נ ג־ל י פ. ער איז, שרייענדיג יאמערליך, צוגעקומען אזוי ווייט, ווי ביז צו מיין הייל; א פייל האט איהם געטראפען בעת'ן קלעטערען אין פלייצע, דורכשטעכענדיג איהם די ברוסט, און איהרע ביידע עקען האבען ארויסגעשטעקט פון פארענט און פון הינטען. ער איז אנידערגעפאלען ביי דער עפענונג פון מיין הייל, אפגעהענדיג מיט בלוט.

ארום יענער צייט האבען עס די אויבערשטע רייהען הייליען עפעס ווי פון זיך אליין זיך אויסגעליידיגט. כמעט אלע מענשען פון דער הארדע, וואס זיינען נאך נישט אויסגערויבערט געווארען, זיינען אין איין־און־דערזעלביגער צייט אין טויט־שרעק ארויפגעלאפען ארויפ'ן בארג. דאס האט פיעל מענשען געראטעוועט. די פ י י ע ר ־ מ ע נ ש ע ן האבען נישט געקאנט שיסען גענוג שנעל. זיי האבען אנגעפילט די לופט מיט פיילען, און צעהנדלינגער מענשען פון דער הארדע, וואס זיינען געטראפען געווארען, האבען זיך געקייקעלט אראפ; אבער איינינגע האבען פונדעסטוועגען דערגרייכט דעם שפיץ פון בארג און זיך געראטעוועט.

דער אימפולס צו לויפען איז איצט געוועזען שטארקער אין מיר, ווי די נייגעריגקייט. די פיילען האבען אויפגעהערט צו פליהען. די לעצטע פון דער הארדע זיינען, ווייזט אויס, אנטלאפען. כאטש איינינגע האבען זיך גאר אפשר באהאלטען אין די אויבערשטע הייליען. די ג ר י נ ג ־ פ י ס י ג ע און איך האבען גענומען ארויפקלעטערען אויפ'ן שפיץ בארג. ווען די פ י י ע ר ־ מ ע נ ־ ש ע ן האבען אונז דערזעהען, האבען זיי אויפגעהויבען א געשריי. דאס איז ארויסגערופען געווארען נישט פון מיר, נאר פון דער ג ר י נ ג ־ פ י ס י ג ע ר. זיי האבען עפעס געפלוידערט מיט אויפרעגונג און האבען איינער צום אנדערען געטייטעלט אויף איהר.

זיי האבען איז איהר נישט געשאסען. זיי האבען קיין איין פייל נישט אויסגעשאסען אויף איהר. זיי האבען אנגעהויבען זי רופען מיט ווייכע און צערטלענדיגע שטימען. איך האב זיך אפגעשטעלט און האב ארונטערגעקוקט. זי האט מורא געהאט און האט, בניי־קענדיג, מיך אונטערגעאיילט צו לויפען ווייטער. און אזוי ארום זיינען מיר ארויף אויפ'ן שפיץ בארג און האבען זיך דארט איינ־געלאזט אין די בוימער.

די דאזיגע פאסירונג האט אפטמאל ארויסגערופען מיין ניי־געריגקייט און מיך געצוואונגען צו מאכען אלערליי השערות. אויב זי איז ווירקליך געווען פון זייער מין, האט זי געמוזט פארלארען געהן פון זיי אין א צייט, ווען זי איז נאך געווען צו יונג דאס צו געדענקען, א'נים וואלט זי זיך פאר זיי נישט געשראקען. פון דער אנדערער זייט האט זיך אויך געקאנט מאכען, אז זי איז גע־ווען פון זייער מין און איז דאך קיינמאל פון זיי נישט פארלארען געגאנגען; אז זי איז געבוירען געווארען אין דעם ווילדען וואלד, ווייט פון זייער לאגער; איהר פאטער איז אפשר געווען אן אפטרי־ניגער פ י י ע ר ־ מ ע נ ש, און איהר מוטער איז אפשר געווען איינע פון מיין איינענעם מין. איינע פון דער הארדע. אבער ווער קאן דאס וויסען? איך הויב וועגען דעם אלעם נישט אן צו וויסען. און די ג ר י נ ג ־פ י ס י ג ע האט וועגען דעם געוואוסט נישט מעהר פון מיר.

מיר האבען דורכגעלעבט א טאג פון שרעק. די מעהרסטע פון די, וואס זיינען געבליבען לעבען, זיינען אוועק צום יאגדעס־זומפ און האבען זיך באהאלטען אין דעם ארומיגען וואלד. גרופעס פ י י ע ר ־ מ ע נ ש ע ן האבען א גאנצען טאג זיך געיאגט איבער'ן וואלד, אויסהרג'ענדיג אונז, וואו נאר זיי האבען אונז געפונען. זיי האבען געמיזט האבען א גרינטליך־אויסגעארבייטען פלאן. פאר־מעהרענדיג זיך איבער די גרענעצען פון זייער אייגענער טעריטא־ריע, האבען זיי באשלאסען איינצונעמען אונזער טעריטאריע. אוי, איז דאס געווען א זינ! מיר זיינען געווען מאכטלאז אנטקעגען זיי.

עס איז געווען א שחיטה, אן אומרחמנות'דיגע שחיטה, ווייל זיי האבען קיינעם נישט געשאנעוועט און געהרג'עט יונג און אלט, אפוויישענדיג אונז אינגאנצען פון דעם לאנד.

מיר האבען געזעהען פאר זיך דעם סוף פון דער וועלט. מיר זיינען אנטלאפען אויף די בוימער, ווי צו דעם לעצטען אנטרינונגס־ארט, אבער די פ י י ע ר ־ מ ע נ ש ע ן האבען אונז דארט ארומ־גערינגעלט און אויסגעהרג'עט איין פאמיליע נאך דער אנדערער. אין פארלויף פון טאג האבען מיר פיעל צוגעזעהען. און איך האב נאך דערצו טאקע געוואלט זעהן. איך און די ג ר י נ ג ־ פ י ס י־ ג ע זיינען לאנג נישט פארבליבען אויף א בוים, און אזוי ארום האבען מיר זיך געראטעוועט. ווען מען האט אונז ארומגערינגעלט. אבער עס איז, דאכט זיך, גאר קיין פלאץ נישט געווען וואוהין צו געהן. די פ י י ע ר ־ מ ע נ ש ע ן זיינען געווען אומעטום, שטארק פארטון אין זייער פארניכטונגס־ארבייט. וואוהין מיר האבען זיך נישט געקערט, האבען מיר זיי געטראפען, און דעריבער איז אונז אויסגעקומען צו זעהן פיעל פון זייער ארבייט.

איך האב נישט געזעהען, וואס עס איז געווארען פון מיין מוטער; איך האב אבער געזעהען, ווי דער פ ל ו י ד ע ר ע ר איז ארונ־טערגעשאסען געווארען פון דעם אלטען בוים, וואו עס איז אמאל געווען מיין היים, און איך האב מורא, אז איך האב בשעת מעשה פון פרייד זיך אביסעל געוויגט אויפ'ן בוים.

איידער איך פארלאז די דאזיגע טייל פון מיין דערצעהלונג, מוז איך נאך דערצעהלען וועגען ר ו י ט ־ א ו י ג. ער איז צו־זאמען מיט זיין פרוי געכאפט געווארען אויף א בוים לעבען דעם יאגדעס־זומפ. איך און די ג ר י נ ג ־ פ י ס י ג ע האבען זיך אפגעשטעלט געגוג לאנג צו קאנען זעהן, וואס עס איז דארט פאר־געקומען. די פ י י ע ר ־ מ ע נ ש ע ן זיינען געווען צופיעל פאר־טון אין זייער ארבייט צו באמערקען אונז, און דערצו האבען נאך די געדיכטע בוימער, אויף וועלכע מיר זיינען געזעסען איינגע־קארטשעט, אונז גוט פארשטעלט.

א צעהן יעגער זיינען געשטאנען אונטער'ן בוים און האבען ארויפגעשאסען פיילען. זיי האבען אלע מאל אויפגעהויבען די פיילען, וועלכע זיינען צוריק געפאלען אויף דער ערד. איך האב נישט געקאנט זעהן ר ו י ט - א ו י ג, איך האב איהם אבער גע־קאנט הערען וואיענדיג ערגעץ אויף א בוים. נאך א קורצען אי־בערררייס איז זיין וואיען פארשטיקט געווארען. ער האט געמוזט ארייננקריכען אין אן אויכהוילונג פון דעם שטאם. אבער זיין ווייב האט זיך דארט נישט באהאלטען. א פייל האט זי ארונטערגעבראכט אויף דער ערד. זי איז געווען שווער פארוואונדעט, ווייל זי האט גארנישט געמאכט קיין פארזוך צו אנטלויפען. זי האט זיך צוזא־מענגעדרעהט איבער איהר קינד, וואס האט זיך שטייף געטוליעט צו איהר, באשיצענדיג עס מיט איהר קערפער, און האט ארויסגע־לאזט בעטענדיגע קלאנגע און געמאכט צייכענס צו די פ י י ע ר - מ ע נ ש ע ן. זיי האבען זיך ארומגעשטעלט ארום איהר און האבען געלאכט פון איהר, פונקט ווי איך און ל א נ ג - א ו י ע ר האבען אמאל געלאכט פון דעם אלטען ב ו י ם - מ ע נ ש. און ווי מיר האבען איהם געשטאכען מיט צווייגלעך און שטעקלעך, אזוי האבען די פ י י ע ר - מ ע נ ש ע ן געטון מיט ר ו י ט - א ו י ג 'ס ווייב. זיי האבען זי געשטאכען מיט די עקען פון זייערע בויגענס און געשטורכעט אין די ריפען. עס איז אבער געווען מיט איהר א שלעכטער שפאס. זי האט גארנישט געקעמפט. זי איז אויך נישט אריין אין כעס. זי האט זיך נאר איינגעקארטשעט איבער איהר קינד און זיך געבעטען. איינער פון די פ י י ע ר - מ ע נ ש ע ן איז צוגעקומען נאהענט צו איהר. ער האט געהאלטען אין די הענט א בולעווע. זי האט דאס געזעהען און פארשטאנען, זי האט אבער נאר ארויסגעלאזט די בעטענדיגע קלאנגען, ביז וואנען עס האט געפאלען דער קלאפ.

ר ו י ט - א ו י ג איז אין דער אויסהוילונג פון דעם שטאם געווען זיכער פאר די פיילען. די פ י י ע ר - מ ע נ ש ע ן זיינען געשטאנען צוזאמען און האבען א וויילע געשמועסט צווישען זיך.

דערנאָך האָט איינער אַרויפגעקלעטערט אויפ'ן בוים. וואָס עס האָט פּאַסירט אויבען, קאָן איך נישט זאָגען, אָבער איך האָב געהערט זיינע געשרייען און האָב געזעהען די אויפרעגונג פון די, וואָס זיינען געבליבען אונטען. אין עטליכע מינוט אַרום האָט זיך זיין קערפּער אַרונטערגעשליידערט אויף דער ערד. ער האָט זיך נישט באַוועגט. זיי האָבען געקוקט אויף איהם און האָבען אויפגעהויבען זיין קאָפּ, אָבער ער איז שלאָבעריג צוריקגעפאַלען אויף דער ערד, ווען זיי האָבען איהם אָפּגעלאָזט. ר ו י ט ־ א ו י ג האָט באַוויזען, וואָס ער קאָן.

זיי זיינען געווען שטאַרק אויפגעבראַכט. אין דעם שטאָם, האַרט ביי דער ערד, איז געווען אַן עפענונג. זיי האָבען צוזאַמענגעקליבען האָלץ און גראָז און האָבען צעליינט אַ פייער. איך און די ג ר י נ ג ־ פ י ס י נ ג ע זיינען געשטאַנען אין די געדיכטע בוימער, אַרומנעמענדיג זיך, און האָבען געוואַרט צו זעהן, וואָס עס וועט פּאַרקומען. צייטענווייז האָבען זיי צוגעוואָרפען צום פייער גרין־באַבלעטערטע צווייגען, פון וואָס עס איז געוואָרען אַ זעהר געדיכטער רויך.

מיר האָבען געזעהען, ווי זיי זיינען פּלוצלינג צוריקגעטראָטען פון דעם בוים. זיי זייען נישט געווען גענוג שנעל אין זייערע באַוועגונגען. ר ו י ט ־ א ו י ג מיט זיין פלינקען קערפּער האָט זיך אַריינגעריסען צווישען זיי. זיין צאָרן איז געווען מורא'דיג און ער האָט מיט זיינע לאַנגע אָרעמס געשמיסען רעכטס און לינקס. ער האָט פון איינעם פון זיי אַראָפּגעריסען דאָס געזיכט, בוכשטעבליך אַראָפּגעריסען דאָס געזיכט מיט זיינע קניפּעלדיגע פינגער און שרעקליכע מוסקולען. אַן אַנדערען האָט ער דורכגעביסען דעם גע־ניק. די פ י י ע ר ־ מ ע נ ש ע ן זיינען אין אַנהויב צוריקגעטראָטען מיט ווילד־צאָרנדיגע געשרייען, דערנאָך האָבען זיי זיך צוריק אַ לאָז געטון צו איהם. ער האָט באַוויזען צו כאַפּען אַ בולעווע און האָט אָנגעהויבען ברעכען קעפּ, ווי אייער־שאָלעכץ. ער איז געווען פּאַר

זיי צו שטארק און זיי זיינען געצוואונגען געווען ווידעראמאל צו־ריקצוטרעטען. עס האט זיך איהם איצט פארגעשטעלט א געלע־גענהייט צו ראטעווען זיך און ער האט זיך פאר איהר אנגעכאפט, אויסדרעהענדיג זיך צו די פ י י ע ר ־ מ ע נ ש ע ן מיט דער פלייצע און לאזענדיג זיך לויפען מיט א ווילדען געברום. אייניגע פיילען זיינען אויסגעשאסען געווארען נאך איהם, אבער ער איז אריין אין א געדיכט וועלדעל און איז פארשוואונדען געווארען.

איך און די ג ר י נ ג ־ פ י ס י ג ע זיינען שטיל אוועקגע־קראכען, אבער מיר האבען זיך באלד אנגעשטויסען אויף אן אנדער גרופע פ י י ע ר ־ מ ע נ ש ע ן. זיי האבען אונז פארטריבען צו דעם יאגדעס־זומפ; מיר האבען אבער געוואוסט דעם וועג דורך די בוימער, וועלכע האבען געפיהרט אריבער די וייטערע זומפען; זיי האבען אהין נישט געקאנט פאלגען, געהענדיג איבער דער ערד, און מיר האבען זיך אויף אזא אופן געראטעוועט. מיר זיינען ארויס אויף דער אנדערער זייט אין א שמאלען פאס פון וואלד, וועלכער האט אפגעטיילט דעם יאגדעס־זומפ פון דעם גרויסען זומפ, וואס האט זיך געצויגען אין מערב־זייט. אט־דא האבען מיר באגעגענט ל א נ ג ־ א ו י ע ר. איך קאן זיך נישט פארשטעלען, ווי אזוי ער האט זיך דאס געראטעוועט, סיידען ער איז די פאריגע נאכט נישט געשלאפען אין די היילען.

דא, אין דעם פאס פון וואלד, וואלטען מיר געקאנט בויען אויף בוימער נעסטען און זיך דארטען באזעצען; אבער די פ י י ע ר ־ מ ע נ ש ע ן האבען גרינטליך דורכגעפיהרט זייער אויסראטונגס־ארבייט. בייטאג איז ה א ר י ג ־ג ע ז י כ ט מיט זיין פרוי ארויסגעלאפען פון צווישען די בוימער אין מזרח־זייט; זיי זיינען בייזע פארבייגעלאפען פארביי אונז און אוועק ווייטער. זיי זיינען געלאפען שטיל און געשווינד, מיט אן אויסדרוק פון שרעק אויף זייערע פנים׳ער. אין דער ריכטונג, פון וועלכער זיי זיינען אנגע־קומען, האבען מיר דערהערט די געשרייען און גוואלדען פון די יעגער

און דאס קווימשען פון איינינע פון דער הארדע. די פ י י ע ר־מ ע נ ש ע ן האבען זיך אן עצה געגעבען אריבערצוגעהן דעם זומפ.

די ג ר י נ ג־פ י ס י ג ע, ל א נ ג־א ו י ע ר און איך האבען זיך גלייך געלאזט לויפען נאך די טריט פון ה א ר י ג־ג ע ז י כ ט און זיין פרוי. ווען מיר זיינען צוגעקומען צום ראנד פון דעם גרויסען זומפ, האבען מיר זיך אפגעשטעלט. מיר האבען דא נישט געוואוסט דעם וועג. דער זומפ איז געווען אויסער אונ־זער טעריטאריע און איז שטענדיג אויסגעמיטען געווארען פון דער הארדע. קיינער איז אהין קיינמאל נישט געגאנגען, יעדענפאלס נישט אויף צוריקקערען זיך פון דארטען. מיר האבען געזעהען אין איהם מיסטעריע און שרעק, דאס אומבאוואוסטע, וואס האט אויף אונז ארויפגעווארפען א פחד. ווי געזאגט, האבען מיר זיך אפגע־שטעלט ביים ראנד פון זומפ. מיר האבען מורא געהאט. די גע־שרייען פון די פ י י ע ר־מ ע נ ש ע ן האבען זיך דערנעהענ־טערט צו אונז. מיר האבען געקוקט איינער אויפ'ן אנדערען. ה א ר י ג־ג ע ז י כ ט האט זיך א לאז געטון איבער דעם שוואנ־קענדיגען זומפ און האט דערגרייכט דעם פעסטערען באדען פון א גראזיגען קלומפ, וואס האט זיך געפונען אויף א צעהן־צוועלף איילען ווייטער. זיין פרוי האט נישט געפאלגט נאך איהם. זי האט גע־פרואווט נאכפאלגען נאך איהם, אבער זי האט זיך צוריקגעצויגען פון דער פארדעטערישער אויבערפלאך און האט זיך אראפגעבויגען צו דער ערד.

די ג ר י נ ג־פ י ס י ג ע האט נישט געווארט אויף מיר. זי האט זיך אפגעשטעלט ערשט דאן, ווען זי האט אויף א הונדערט איילען אריבערגעיאגט ה א ר י ג־ג ע ז י כ ט און דערגרייכט א פיעל גרעסערען קלומפ. ווען איך און ל א נ ג־א ו י ע ר האבען זי אנגעיאגט, האבען די פ י י ע ר־מ ע נ ש ע ן זיך באוויזען צווישען די ביימער. זיי האבען גענומען א פאנישע שרעק אויף

דער פרוי פון ה א ר י נ ־ג ע ז י כ ט און זי האט זיך געלאזט לויפען מיט איםפעט נאך אונז. זי איז אבער געלאפען בלינדער־הייט, האט זיך נישט אויסגעהיט און האט דורכגעבראכען דאס דינע הייטעל איבער'ן זומפ. מיר האבען זיך אומגעקערט און באא־באכטעט, אין מיר האבען געזעהען, ווי די פ י י ע ר ־ מ ע נ ש ע ן האבען געשאסען אויף איהר מיט פיילען, בעת זי איז אראפגעזונקען אין זומפ. די פיילען האבען אנגעהויבען פאלען ארום אונז. ה א ר י נ ־ נ ע ז י כ ט איז איצט צוגעשטאנען צו אונז און מיר האבען אלע פיער זיך אוועקגעלאזט אלץ טיפער און טיפער איבער דעם זומפ, נישט ווייסענדיג אליין, וואוהין מיר געהען.

# אכצעהנטער קאפיטעל

וועגען אונזערע וואנדערונגען איבער דעם גרויסען זומפ האב איך נישט קיין שום קלארע ידיעה. ווען איך וויל זיך אן דעם דערמאנען, קומען מיר נאר אויפ'ן זכרון אלערליי צעוואָרפענע איינדרוקען און מיין גאנצע מיה לאזט זיך אויס מיט גארנישט. איך הויב נישט אן צו וויסען, ווי לאנג מיר זיינען געווען אויף דער דאזיגער ברייטער סטעפ; איך ווייס נאר, אז מיר האבען געמוזט דארט זיין אין פארלויף פון וואכען. מיינע ערינערונגען וועגען דעם, וואס עס האט מיט אונז דעמאלט פאסירט, נעמען אלע מאל אן ביי מיר די פארם פון א קאשמאר.

געדריקט פון אלערליי מינים שרעק, טראג איך אין זיך אין פארלויף פון אומצעהליגע יאהרהונדערטער דאס באוואוסטזיין וועגען אונזערע אומענדליכע וואנדערונגען איבער דער פייכטער ווילדערניש, וואו גיפטיגע שלאנגען זיינען אונז באפאלען און חיות האבען געברומט ארום אונז און די בלאטע האט געשוואנקט אונטער אונזערע פיס און אריינגעצויגען אונזערע טריט.

איך ווייס, אז מיר זיינען אהן א שיעור מאל אפגעקערט געוואָרען פון אונזער וועג דורך שטראמען, אזערעס און שליימיגע ים'ען. עס זיינען אויך געווען שטורעמס און פארפלייצונגען איבער די גרויסע שטרעקעס נידעריגען באדען; און ווייטער האבען געטראפען פעריאדען פון הונגער און עלענד, ווען די דאזיגע שטראמען וואסער האבען אונז טעג נאך טעג געהאלטען געפאנגען אויף די בוימער.

איין בילד האט געמאכט אויף מיר א זעהר שטארקען איינ־דרוק. ארום אונז שטעהען גרויסע בוימער, און פון זייערע צווייגען הענגען אראפ גרויסע פעדים מאך, בעת גרויסע קריך־פלאנצען, ווי מאנסטרועזע שלאנגען, קרייזלען זיך ארום די שטאמען, און דרעהען זיך און פלאנטערען זיך אין דער לופטען. און ארום און ארום איז בלאטע, ווייכע בלאטע, וועלכע בלעזעלט ארויס גאזען און געהט אויף און סאפעט אין אייביגער באוועגונג. און אין דער מיט פון דעם אלעם געפינען זיך א צוועלף מענשען. מיר זיינען אפגעצערט און דערשלאגען, און אונזערע ביינער שטארצען ארויס פון דער שטייף־אנגעצויגענער הויט. מיר זינגען נישט, פלוידערען נישט און לאכען נישט. מיר פארנעמען זיך מעהר נישט מיט שטי־פערייען. אונזער מונטערקייט און לעבענסלוסטיגקייט האט זיך, ענדליך, אפגעטון פון אונז. מיר לאזען ארויס טרויעריגע און קלאגענדיגע קלאנגען, מיר קוקען איינער אויף'ן אנדערען און האלטען זיך שטייף צוזאמען. מיר זעהען אויס, ווי די פארבליבענע נאך דעם טאג פון דעם סוף פון דער וועלט.

די דאזיגע פאסירונג האט נישט קיין צוזאמענהאנג מיט די אנדערע פאסירונגען אין דעם זומפ. איך ווייס נישט, ווי אזוי מיר האבען דאס באוויזען אריבערצוגעהן דעם זומפ, מיר זיינען אבער, ענדליך, ארויסגעקומען צו א פלאץ, וואו א רייהה פון נידעריגע בערג איז געלאפען אראפ צום ברעג פון טייך. דאס איז געווען אונזער טייך, וועלכער איז, ווי מיר אליין, ארויסגעקומען פון דעם גרויסען זומפ. אויף דעם דרום־ברעג, וואו דער טייך האט זיך דורכגעבראכען זיין וועג דירך די בערג, האבען מיר געפונען פיעל הייל'ען פון זאמד־שטיין. ווייטער, אין דער ריכטונג פון מערב, האט דער אוקינוס זיך אפגעשלאגען מיט א ברומעריי אן דעם זאמדיגען בארג, וואס איז געלעגען אריבער דער עפענונג פון טייך. און דא, אין די הייל'ען ביים ים, האבען מיר געפונען אונזער רוה־ארט.

מיר זיינען נישט געווען פיעל. מיט דער צייט האבען ביס־לעכווייז אנגעהויבען באווייזען זיך נאך מענשען פון דער הארדע.

זיי האבען זיך געשלעפט פון דעם זומפ, איינציגוויין, צו צוויי און צו דריי; זיי זיינען געווען מעהר טויט, ווי לעבעדיג, און האבען אויסגעזעהען טאקע נאר, ווי ארומגעהענדיגע סקעלעטען. אזוי ארום האבען זיך, ענדליך, צוזאמענגעקליבען דרייסיג מענשען. מעהר איז שוין קיינער נישט געקומען צו אונז פון דעם זומפ, און ר ו י ט־ א ו י ג איז צווישען אונז נישט געווען. עס איז כדאי צו באַמערקען, אז קיין שום קינד איז נישט געבליבען לעבען נאך דער דאזיגער שרעקליכער רייזע.

איך וועל נישט דערצעהלען באריכות וועגען די יארען, וואס מיר האבען געלעבט ביים ים. עס איז נישט געווען פאר אונז קיין גליקליך ארט. די לופט איז געווען פייכט און קאלט און מיר האבען שטענדיג געליטען פון הוסט און פארקיהלונג. מיר האבען אין אזא סביבה נישט געקאנט בלייבען לעבען. מיר האבען גראד געהאט קינדער, אבער זיי האבען זיך ביי אונז לאנג נישט געהאלטען און זיינען פריה געשטארבען. דערצו זיינען מיר נאך געשטארבען אפטער איידער די קינדער זיינען געבוירען געווארען. אונזער צאהל האט זיך נאכאנאנד פארמינדערט.

די גרינטליכע ענדערונג, וואס איז פארגעקומען אין אונזער דיעטע, איז אויך נישט געווען גוט פאר אונז. מיר האבען באקומען וועניג גרינצייג און זיינען געווארען פיש־עסער. עס זיינען דארט געווען מושעלען, מויער־קעפ, ווענוס־מושעלען און שטיין־אויסטערס, ווי אויך גרויסע ים־קראפסען, וואס זיינען אין א שטורעמדיגען וועטער ארויסגעווארפען געווארען אויף די ברעגען. מיר האבען דארט אויך געפונען אייניגע מינים ים־גראז, וואס איז געווען גוט צום עסען. אבער די ענדערונג אין דער דיעטע האט אונז פארשאפט בויך־וועהטאג און קיינער פון אונז איז קיינמאל נישט פעט געווארען. מיר זיינען אלע געווען מאגער און האבען געהאט א קרענקליכען אויסזעהן.

געהענדיג איינמאל פאנגען די גרויסע מויער־קעפ, איז ל א נ ג־

א ו י ע ר אומגעקומען. איינער פון די דאָזיגע פיש האָט איהם בעת'ן אַפּפלוס אריינגעבאַפּט די פינגער; דערנאָך איז אָנגעקומען דער צופלוס און האָט איהם דערטרונקען. אויפ'ן צווייטען טאָג האָבען מיר געפונען זיין קערפּער און מיר האָבען זיך דערפון אָראָפּגענומען א מוסר. קיינער פון אונז איז שוין מעהר נישט אריינגעכאַפּט געוואָרען אין דער פאַרמאַכטער שאָל פון א מויער־קאַפּ.

איך און די ג ר י נ ג ־ פ י ס י נ ע האָבען באַוויזען אויפצוהאָדעווען א קינד, א אינגעל — מיר האָבען יעדענפאַלס באַוויזען צו דערציהען איהם אין פאַרלויף פון עטליכע יאָר. אָבער איך בין גאַנץ זיכער, אַז ער וואָלט קיינמאָל נישט געקאָנט בלייבען לעבען אין דעם דאָזיגען שרעקליכען קלימאַט.

איינמאָל האָבען זיך די פ י י ע ר ־ מ ע נ ש ע ן ווידער באַוויזען. זיי זיינען אריבערגעקומען צו אונז מיט'ן טייך, און נישט אויף א פליט, נאָר אויף א שיפעל, גראָב געמאַכט פון אַן אויסגעהוילטער קלאָץ. עס זיינען דאָרט געזעסען דריי פ י י ע ר ־ מ ע נ ש ע ן. וואָס האָבען גערודערט, און איינער פון זיי איז געווען דער אויסגעדאַרטער אַלטער יעגער. זיי זיינען ארויס אויף אונזער ברעג און דער אַלטער איז, הינקענדיג, אריבער דאָס זאַמד און האָט באַטראַכט אונזערע הייל.

אין עטליכע מינוט ארום זיינען זיי אוועק, אָבער די ג ר י נ ג ־ פ י ס י נ ע האָט שרעקליך מורא געהאַט. מיר האָבען זיך אַלע איבערגעשראָקען, אָבער נישט אויף אַזוי פיעל, ווי זי. זי האָט געוויינט און געכליקעט און האָט א גאַנצע נאַכט נישט געקאָנט רוהען. אין פריהמאָרגען האָט זי גענומען דאָס קינד אויף די הענט און האָט מיט שאַרפע געשרייען, זשעסטען און מיט איהר ביישפיל מיך אוועקגעפיהרט אויף דער צווייטער לאַנגער רייזע. אַכט מענשען, דאָס גאַנצע איבערבלייבעכץ פון דער האָרדע, זיינען פאַרבליבען הינטער אונז אין די הייל. עס איז פאַר זיי נישט געווען קיין שום האָפענונג. עס איז נאָר קיין צווייפעל נישט, אַז זיי זיינען באַלד אומ־

געקומען, אויב אפילו די פ י י ע ר ־ מ ע נ ש ע ן האבען זיך צו זיי נישט צוריקגעקערט. דער קלימאט איז דארטען ביים ים געווען א שלעכטער און די מענשען פון דער הארדע זיינען נישט באשטימט געווען צו לעבען ביים ברעג.

מיר האבען געוואנדערט אין דער ריכטונג פון דרום, ארומגע־הענדיג אין פארלויף פון פיעל טעג ארום דעם גרויסען זומפ און נישט וואגענדיג צו לאזען זיך געהן איבער איהם. איינמאל זיינען מיר אוועק צוריק אין מערב־זייט, זיינען אריבער א רייה ון בערג און צוגעקומען צום ברעג. דער דאזיגער פלאץ איז אבער נישט געווען פאר אונז. עס זיינען דארט נישט געווען קיין שום בוימער — נאר אומעטיג לאנד, ים־וואלען, וואס האבען מיט א פארטווי־בענדיגען גערויש זיך אפגעשלאגען אן ברעג, און שטארקע ווינטען, וועלכע האבען, דאכט זיך, קיינמאל נישט אויפגעהערט צו בלאזען. מיר זיינען צוריק אריבער די בערג און האבען געוואנדערט אין מזרח־זייט און אין דרום־זייט, ביז וואנען מיר זיינען ווידער אנגע־קומען צום גרויסען זומפ.

מיר האבען באלד דערגרייכט דעם דרום־ברעג פון זומפ און האבען פארטגעזעצט אונזער וועג אין דרום און אין מזרח. דאס לאנד איז דא געווען זעהר אנגענעם. די לופט איז געווען ווארעם, און מיר האבען זיך ווידער געפונען אין וואלד. שפעטער זיינען מיר אריבער א רייה נידעריגע בערגלעך און האבען גע־טראפען נאך א בעסער וואלדיג לאנד. וואס ווייטער מיר זיינען אוועק פון ברעג, אלץ ווארעמער איז געווען דאס לאנד, און מיר זיינען אזוי געגאנגען אלץ ווייטער און ווייטער, ביז וואנען מיר זיינען אנגעקומען צו א גרויסען טייך, וועלכער האט דער ג ר י נ ג ־ פ י ס י ג ע ר אויסגעזעהען צו זיין גאנץ היימיש. ביי דעם דאזיגען טייך האט זי זיך געמוזט געפינען אין די פינף יאר, וואס זי איז געווען אוועק פון דער הארדע. מיר זיינען אויף קלעצער אריבער דעם טייך און האבען געלאנדעט אויף דער אנדע־

דער זייט, צופוסענס פון א גרויסען משופּע'דיג־באַרגיגען ברעג. אין דעם הויך אויפ'ן באַרג האָבען מיר געפונען אונזער נייע היים — א הייל, צו וועלכער עס איז געוועזען זעהר שווער צוצוקומען און וועלכע איז געווען פאַרבאַרגען פון יעדען אויג.

איך קום שוין באַלד צו צום סוף פון מיין געשיכטע.

איך און די ג ר י נ ג ־ פ י ס י ג ע האָבען דאָ געלעבט און אויפגעהאָדעוועט אונזער פאַמיליע. און דאָ ענדיגען זיך מיינע ערינערונגען. מעהר האָבען מיר שוין נישט אויסגעוואַנדערט. איך זעה מעהר נישט קיין חלומות, וואס זאָלען אַרויסטרעטען פון אונ־זער הויכער, נישט־דערגרייכבאַרער הייל. און דאָ האָט געמוזט געבוירען ווערען דאָס קינד, וואס האָט געירש'נט דעם מאַטעריאַל פון מיינע חלומות, וואס האָט איבערגעפּורעמט אין זיין וועזען אַלע איינדרוקען פון מיין לעבען — אָדער גיכער פון דעם לעבען פון ג ר ו י ס ־ צ א ה ן. מיין צווייטען און נישט רעאַלען „איך“, וועלכער איז אָבער פאַר מיר אַזוי רעאַל, אז איך ווייס אָפטמאָל נישט, אין וועלכער צייט איך לעב.

איך טראַכט אָפטמאָל מיט פאַרוואונדערונג וועגען דעם דאָ־זיגען סדר היחוס. איך, דער מאָדערנער, בין אהן צווייפעל א מענש; און דאָך בין איך ג ר ו י ס ־ צ א ה ן, דער פּרימיטיווער, נישט קיין מענש. ערגעץ, און דערצו אין א גלייכער אָפּשטאַמונגס־ליניע, זיינען די דאָזיגע צוויי טיילען פון מיין צווייענדיגער פּער־זענליכקייט געווען צווישען זיך פאַרבונדען. זיינען די מענשען פון דער האָרדע געווען פאַר זייער פאַרניכטונג אין דעם פּראָצעס פון ווערען מענשען? און האָב איך און מיין פאַמיליע דורכגעפיהרט דעם דאָזיגען פּראָצעס? און איז דען, פון דער אַנדערער זייט, נישט מעגליך, אַז עמיצער, וואס שטאַמט אָפּ פון מיר, זאָל געווען אַוועק צו די פ י י ע ר ־ מ ע נ ש ע ן און ווערען איינער פון?

איך ווייס נישט. און איך קאן דאס אויך נישט וויסען. איין זאך איז זיכער, און דאס איז, אז ג ר ו י ס ־ צ א ה ן האט אפגע־שטעמפעלט אויף דעם מארד־געבוי פון די, וואס שטאמען אפ פון איהם, די אלע/איינדרוקען פון זיין לעבען, און האט זיי אפגע־שטעמפעלט אויף אזא גרינטליכען אופן, אז די אומגעהויערע מאסע פין די צווישען־קומענדיגע דורות האט פארפעלט זיי אפצומעקען.

עס איז פאראן נאך אן אנדער זאך, וועגען וועלכער איך מוז נאך רעדען, איידער איך קום צום שלום פון דער דאזיגער דערצעה־לונג. דאס איז א חלום, וועלכען איך זעה אפט, און בנוגע צו דער צייט האט די ווירקליכע פאסירונג געמוזט טרעפען אין פארלויף פון דעם פעריאד, ווען איך האב געלעבט אין דער הויכער, נישט־דערגרייכבארער הייל. איך געדענק, אז איך האב געוואנדערט ווייט אין וואלד, אין דער ריכטונג פון מזרח. דארט האב איך זיך אנגעשטויסען אויף א שטאם פון דעם ב ו י ם ־ פ א ל ק. איך האב זיך איינגעקארטשעט אויף א געדיכטען בוים און האב צו־געקוקט, ווי אזוי זיי שפילען זיך. זיי האבען אפגעהאלטען א פאר־זאמלונג, אויף וועלכער זיי האבען געלאכט, געקוויטשעט אין כאר און געטאנצט.

פלוצלונג זיינען זיי געווארען שטיל און האבען אויפגעהערט צו שפרינגען. זיי האבען זיך איינגעצויגען אין שרעק און האבען מיט אנגסטליכע בליקען געזוכט פאר זיך א וועג צו אנטלויפען. ר ו י ט ־ א ו י ג איז דעמאלט אריין צווישען זיי. זיי האבען אפגעטראטען פאר איהם. זיי האבען אלע מורא געהאט. אבער ער האט גארנישט געמאכט קיין פארזוך זיי צו שעדיגען. ער איז געווען איינער פון זיי. אן אלטע פרוי פון דעם בוים־פאלק, זיין לעצט ווייב, איז געגאנגען אין זיינע טריט; זי האט געהאט דינע אויסגעבויגענע פיס און האט בעת׳ן געהן זיך אויפגעהאלטען, אנ־רירענדיג מיט די קנעבעל פוןביידע הענט די ערד. ער האט זיך אוועקגעזעצט אין דער מיט פון קרייז. איך קאן איצט, שרייר־

בענדיג דאס, זעהן, ווי ער כמורעט זיינע רויטע אויגען אויף דעם קרייז פון די ב ו י ם - מ ע נ ש ע ן ארום איהם. און בעת ער קוקט אויף זיי, בויגט ער איין זיין מאנסטרועזע פוס און קראצט זיך מיט די קניפעלדיגע פינגער אין בויך. דאס איז ר ו י ט - א ו י ג, די אטאוויסטישע ערשיינונג.

ע נ ד.